פראָפ. א. זארעצקי

# יידיש פאר דער אָנפאנגשול

## גראמאטיק און אָרטאָגראפיע

ערשטער טייל



פארלא[illegible] ע 1933

פראָפ. א. זאַרעצקי

# ייִדיש פאַר דער אָנפאַנגשול

## לערנבוך אף גראַמאַטיק און אָרטאָגראַפיע

ערשטער טייל

פאַרן ערשטן און צווייטן לערניאָר

באַשטעטיקט פון דער קאָלעגיע
פונעם פאָלקאָמבילד פון רספסר




פאַרלאַג „עמעס", מאָסקווע 1933
Printed in USSR
(Russia)

# דאָס ערשטע לערניאָר

## 1. ווי מע דאַרף ריכטיק שרײַבן



**אופגאבע** 1. **אראָפּשרײַבן און דערשרײַבן די נייטיקע ווערטער פון לינקס:**

| | |
|---|---|
| די קינדער אַרבעטן אין... | וואַרשטאַט |
| זיי מאַכן... | שליטעלעך |
| אַלע קינדער... | אַרבעטן |

# באַ דער אַרבעט

די קינדער אַרבעטן אין וואַרשטאַט. זיי מאַכן אַלערליי זאַכן. בערל מאַכט אַ שליטעלע, כאַים העלפט אים. כאַנקע מאַכט אַ לאָפּעטע. מאָטל מיט סאָרקען מאַכן קעסטעלעך. אַלע זײַנען פאַרטאָן, אַלע זײַנען באַ דער אַרבעט.

אויפגאַבע 2. אַראָפּשרײַבן און דערשרײַבן די פאַרפעלטע ווערטער:

בערל מאַכט אַ . . . . | שליטעלע
כאַנקע מאַכט אַ . . . . | לאָפּעטע
מאָטל מיט סאָרקען מאַכן . . . . | קעסטעלעך

אויפגאַבע 3. אַראָפּשרײַבן און צושטעלן די פאַרפעלטע ווערטער:

קארל הובלעוועט מיט א... | זעג
קארל בויערט מיט אן... | האמער
קארל זעגט מיט א... | הובל
קארל קלאפט מיט א... | עגבער

אויפגאַבע 4. אַראָפּשרײַבן די ליד:

## מיטן שליטל

אָנגערוקט דאָס היטל,
אַ נעם געטאָן דאָס שליטל,
צו דעם באַרג דאָרט מיטאַמאָל
און פון דאָרט אין טאָל.

קרימט זיך אויס דאָס שליטל,
פאַלט אראָפּ דאָס היטל,
פאַלט איך אויכעט מיט,
נאָר דאָס שליטל ניט.

## אפן גליטש

כעוורע לויפן אפ די גליטשן,
מאכן קונצן,
הילכן, קוויטשען.
מע טוט א פאל,
מע טוט א לאַך,
מע טוט א קוועל,
מע טוט א קוויטש —
איז פריילעך דער גליטש.

**אופגאבע** 5. איבערשרייבן דאָס לעצטע וואָרט פון יעדע שורע.

**אופגאבע** 6. איבערשרייבן:

## לענין

יעדן קאנט, יעדן לאנד
איז זיין נאָמען באקאנט.
אומעטום, ווו איר ווילט,
וועט איר זען לענינס בילד.

**פארן לימעד גרייט צו אלץ, וואָס מע דארף. אין העפט שרייבט ריין.**

**אופגאבע** 7. ענטפערן אפ די פראגעס:

וואָס דארף מען צוגרייטן פארן לימעד?
ווי דארף מען שרייבן אין העפט?

אופגאבע 8. איבערשרײַבן און צושטעלן די נייטיקע ווערטער פון לינקס:

| | |
|---|---|
| אין שול דאַרף מען ניט.... | פֿאַרשפּעטיקן |
| פֿריִער פֿאַר אַלעמען קומט דער... | קרייַד |
| דער דעזשורנער דאַרף צוגרייטן... | דעזשורנער |

## רעטעניש

א גלעזערנער, א פולער
פאראן אין יעדן הויז.
עס שטייט אפן טיש זומער און ווינטער.
דאָס איז א...

אופגאבע 9. איבערשרײַבן די רעטעניש און דערשרײַבן דעם ענטפער.

אופגאבע 10. אראָפּשרײַבן און צושטעלן די פארפעלטע ווערטער:

| | |
|---|---|
| דער לערער שרײַבט אפן . . . . | העפטן |
| די שילער שרײַבן אין די . . . . | טינטער |
| אפן טיש שטייט א . . . . . . . . | טאָוול |

אופגאבע 11. אָנשרײַבן, וועלכע פון די זאכן איר האָט:

א פען, א בוך, א בלײַער, א העפט, א טינטער, פארב, א פענדזל, א הענטל, א מעקער, א פענאל, קלעק־פאפיר, א מעסערל.

# מע שניצט א בלײַער

שניצ, מעסער, שאָב שארפ,
בעסער שניצ, שארפ שאָב,
שארפ דעם בלײַער, ניט צו דינ,
מאכ א שפּיצ. ניט צו גראָב,

ניט צו קורצ,
ניט צו לאנג,
עס זאָל קלעקנ
ביזנ גלעקל,
ביז קלינג־קלאנג.

**אופגאבע** 12. איבערשרײַבנ די ליד.

**אופגאבע** 13. איבערשרײַבנ אונ צושטעלנ די פּארפּעלטע ווערטער:

| | |
|---|---|
| איכ שרײַב מיט א... | פּענאל |
| איכ האָב א נײַעמ... | בלײַער |
| דעמ בלײַער אונ דאָס... | העפטל |
| האלט איכ אינ פּענאל | |

# געטראָפּן

דער טאַטע איז געקומען אין שטוב און פֿרעגט:

— קינדער, ווער פֿון אײַך האָט **גענומען** אַהער דאָס שליטל **פֿון** שטעלכל? זאָגט מישע: טרעף אַליין!

— טרעף טאַקע! — כאַפּט אונטער די קליינע מײַע.

גייט אַרויס דער טאַטע אויפֿן הויף, **טוט** אַ קוק אויפֿן שניי און **קומט** צוריק אין **שטוב**.

— מישע, **דו** האָסט עס גענומען!

— עמעס, עמעס! — האָבן אויסגערופֿן די קינדער פֿריילעך.

— טאַטע, ווי האָסטו עס געטראָפֿן?

ווי האָט דער טאַטע געטראָפֿן?

אויפֿגאַבע 14. איבערשרײַבן עס און אונטערשטרײַכן די אויסגעטיילטע ווערטער.

אויפֿגאַבע 15. איבערשרײַבן און צושטעלן די פֿאַרפֿעלטע ווערטער:

| | |
|---|---|
| מישע איז געגאַנגען אין.... | שליטל |
| מישע האָט גענומען דאָס.... | שניי |
| דער טאַטע האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן... | שטעלכל |
| ער האָט דערקענט....טריט | מישעס |

# 2. זאַצ

א ווײַסער שניי האָט באַדעקט די ערד, דער פראָסט סמאַליעט די אויערן, אָבער די קינדער זײַנען אַרויס אין גאַס.

ליאָווע און וואַליע האָבן זיך געגליטשט. בערל און סאָניע האָבן געמאַכט א שניי־מענטש, אַלעמען איז געווען פריילעך.

**אויפגאַבע 16.** וואָס דערציילט זיך וועגן שניי? ענטפערן מינדלעך. דער ענטפער איז א זאַץ.

וואָס דערציילט זיך וועגן פראָסט? וועגן די קינדער? וועגן ליאָווען און וואַליען? וועגן בערלען און מאַניען? אָט די אַלע ענטפערס זײַנען זאַצן.

**אויפגאַבע 17.** אויפשטעלן א זאַץ וועגן א שליטל, וועגן א פראָסט, וועגן שניי. אָנשרײַבן עס.

אז מע רעדט, רעדט מען זאַצן.
אז מע שרײַבט, שרײַבט מען זאַצן.



**אויפגאַבע 18.** אויפשטעלן עטלעכע זאַצן וועגן דעם בילד. פאַרשרײַבן זיי (פון טאָוול).

**אופגאבע** 19. איבערשרייַבן די צוויי זאצן און צושטעלן די פארפעלטע ווערטער:

אַ געדיכטער... האָט
באַדעקט די ערד.
די קינדער האָבן
געמאַכט אַ. . .

שניימענטש
שניי

נאָכן לימעד גייט ארויס פון קלאַס. לופטערט אָפּ דעם צימער. עטעמט מיט פרישער לופט.

דאָס זייַנען קלאָלים, ווי צו פארהיטן דאָס געזונט. יעדערער פון אָט די קלאָלים איז א זאצ.

**אופגאבע** 20. וויפל זאצן איז דאָ?

# דערקענט

מישע און מייַע האָבן זיך געוואָלט גליטשן אפן שליטל דער טאטע איז ניט געוועזן אין דער היים מישע איז געגאנגען אין שטעלכל ער האָט דאָרטן גענומען דאָס שליטל דערנאָך איז געקומען דער טאטע ער האָט דערזען בא די קינדער דאָס שליטל אפן שניי האָט ער דערקענט מישעס טריט.

**אופגאבע** 21. פארוואָס איז שווער צו לייענען? (וואָס פעלט דאָ?) צוליב וואָס שטעלט מען א פונקט נאָך יעדן זאצ?

אראָפּשרייַבן די דערציילונג און צעשטעלן די פונקטן נאָך יעדן זאצ. וויפל זאצן איז דאָ?

ווען מע שרײַבט, שטעלט מען אין סאָף זאַץ א פונקט.

אופגאבע 22. אופשטעלן עטלעכע זאצן וועגן ווינטער.

כאנע קלײַבט זיך גײן אין גאס. זי האָט מוירע פאר קעלט. זי האָט אָנגעטאָן צוויי קליידלעך. דערנאָך האָט זי אָנגעטאָן דער מאמעס קאָפּטל. דערנאָך האָט זי אָנגעטאָן דעם ברודערס רעקל. דערנאָך האָט זי אָנגעטאָן איר מאנטל. אפן קאָפּ האָט זי אָנגעטאָן דער באָבעס גרויס טיכל.

איצט גייט זי שוין ארויס אפן גאס.

אופגאבע 23. וויפל זאצן איז דאָ? וויפל פונקטן איז דאָ?

אופגאבע 24. אראָפּשרײַבן און צושטעלן די פּארפעלטע ווערטער:

| | |
|---|---|
| כאנע האָט מוירע . . . . . . . . | פארקילן |
| זי טוט אָן אפ זיך . . . . . . . . . | פאר קעלט |
| כאנע קאָן זיך גרינג . . . . . . . | א סאך זאכן |
| מע דארף זיך אָנטאָן ווא־רעם, אָבער . . . . . . . . . . | גרינג |

# נאָך דער ארבעט

פארנאכט זײַנען אלע געקומען פון דער ארבעט. זיי האָבן זיך אײַנגעוואשן. די באָבע האָט גענומען גרייטן צום טיש. איך האָב געהאָלפן דער באָבען. דער טאטע האָט געלייענט אפן קאָל א צײַטונג. די מאמע האָט זיך צוגעהערט. די עלטערע שוועסטער

האָט געלייענט א בוך. דאָס קליינע ברודערל האָט זיך געשפּילט מיט בוי־מאַטעריאַל. ער האָט געבויט א זאַוואָד. דערנאָך האָבן מיר זיך געזעצט עסן.

**אויפגאַבע 25.** דערציילן:

וואָס האָט געטאָן דער טאַטע, אז ער איז געקומען פון דער אַרבעט? וואָס האָט געטאָן די שוועסטער? וואָס האָט געבויט דאָס קליינע ברודערל?

אַרויסשרײַבן די זאַצן, ווו עס רעדט זיך וועגן טאַטן. אַרויסשרײַבן דעם זאַץ וועגן דער מאַמען. אַרויסשרײַבן דעם זאַץ וועגן דער באָבען.

**אויפגאַבע 26.** דערשרײַבן די נייטיקע נעמען. נאָך יעדן זאַץ שטעלן א פּונקט:

מײַן טאטע הײסט.... מײַן מאמע
הײסט.... מײַן באָבע הײסט.... מײַן זײדע
הײסט.... מײַן ברודער הײסט.... מײַן
שוועסטער הײסט.... איך הײס....

**אויפגאַבע 27.** איבערשרײַבן די זאַצן אין דער געהעריקער אָרדענונג:

עלף אזייגער באַנאַכט שלאָפט ער. דרײַ אזייגער גליטשט ער זיך אף א שליטל. נײַן אזייגער אינדערפרי איז ער שוין אין שול. זעקס אזייגער אַרבעט ער אין קלוב. פינף אזייגער לערנט ער אין דער היים.

**אופגאבע** 28. דערשרײַבנ די נייטיקע ווערטער:

איך בינ אופגעשטאנענ . . . . . . . אזייגער.
אינ שול בינ איך געקומענ . . . . אזייגער.
מיר לייענענ ביז . . . . . . . . . אזייגער.
ווארמעס עס איך . . . . . . . . . אזייגער.
איך לייג זיך שלאָפנ . . . . . . . אזייגער.

**אופגאבע** 29. אופשטעלנ א זאצ מיט די ווערטער: עלפ, העלפ.

רויטע ארמיי

שטארקער פונ אלע -

די רויטע ארמיי

**אופגאבע** 30. אופשטעלנ נאָך א זאצ וועגנ דער רויטער ארמיי.

די רויטע ארמיי פארהיט אונדזער לאנד
זי דערלאָזט ניט צו אונדז קיינ פײַנט.

**אופגאבע** 31. וויפל זאצנ איז דאָ? אראָפשרײַבנ עס.

**אופגאבע** 32. איבערשרײַבנ:

גאסנ זײַנענ הײַנט ווי נײַע
אונ פריילעכ איז אינ יעדער שטוב.
מײַנ אלטע באָבע גייט נאָך דאווענענ,
מײַנ מאמע גייט שוינ לאנג אינ קלוב.

**אופגאבע** 33. איבערשרײַבנ אונ צושטעלנ די פארפעלטע ווערטער:

| | |
|---|---|
| מיר ווינענ אינ א גרויסער . . . . . . | קלוב |
| ביט ווײַט פונ אונדז איז דאָ א . . . . | שטוב |

# 3. א זאַץ באַשטייט פֿון ווערטער

זינגע מאָלט. זינגע שרײַבט. זינגע לייענט.

**אויפֿגאַבע 34.** וויפֿל זאַצן איז דאָ? וויפֿל ווערטער איז אין יעדן זאַץ?

בערל . . . . מישע . . . . כאַנע . . . .

**אויפֿגאַבע 35.** צוטראַכטן צו איין וואָרט, אַז עס זאָלן אַרויסקומען דרײַ זאַצן:

נעכטן איז געווען א שניי.
הײַנט איז דער שניי צעגאַנגען.

**אויפֿגאַבע 36.** וויפֿל זאַצן איז דאָ? וויפֿל ווערטער איז אין ערשטן זאַץ? אין צווייטן?

**אויפֿגאַבע 37.** אויפֿשטעלן א זאַץ פֿון די ווערטער:

| | |
|---|---|
| נעכטן | הײַנט |
| קאַלט | די זון |
| איז געווען | וואַרעמט |

**אויפֿגאַבע 38.** אויפֿשטעלן 3 זאַצן מיט די ווערטער: הײַנט, נעכטן, מאָרגן.

פֿריִער איז געווען ווינטער. איצט איז פֿרילינג. שפּעטער וועט זײַן זומער.

**אויפֿגאַבע 39.** אויפֿשטעלן זאַצן מיט די ווערטער: פֿריִער, איצט, שפּעטער.

## דער אייניקל איז אַ יונגער

## און דער זיידע איז אַ.....

**אופגאבע** 40. איבערשרײַבן און צושטעלן דאָס פארפעלטע וואָרט.

מע דארף אופשטײַן פרי און ניט . . .

**אופגאבע** 41. איבערשרײַבן און צושטעלן דאָס פארפעלטע וואָרט.

**אופגאבע** 42. אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער: אלט, האלט, אלטער, האלטער, טעג, טייג, טויג.

**אופגאבע** 43. אופשטעלן זאצן פון די פאסיקע ווערטער פון רעכטס און פון לינקס:

| | |
|---|---|
| דער שנײַדער | שמידט |
| דער ברוקירער | בייט |
| דער שמיד | הובלט |
| דער בעקער | ברוקירט |
| דער לערער | לעשט |
| דער וועכטער | באקט |
| דער בויער | היט |
| דער סטאָליער | לערנט |
| דער פײַערלעשער | בויט |

דער האָלצהעקער האָט א האַק פון **אײַזן**.

בויערס בויען **הײַזער**.

**אופגאבע** 44. איבערשרײַבן די זאצן און אונטערשטרײַכן די אויסגעטיילטע ווערטער.

אפנ **ברייטנ** טיש קנעט דער בעקער טייג. פונ טייג באקט ער **ברויט.** אז דאָס **טייג** איז **שזטעב,** **טויג** עס **ניט.**

אופגאבע 45. **איבערשרייבנ די זאצנ אונ אונטערשטרייכנ די אויסגעטיילטע ווערטער.**

אופגאבע 46. **אופשטעלנ זאצנ פונ די ווערטער פונ רעכטס אונ פונ לינקס:**

| | |
|---|---|
| די וועשערנ וואשט . . . . . . | דעם קוימענ |
| דער קוימענקערער רייניקט . | א קלייד |
| דער האָלצהעקער האקט . . . | לייוונט |
| די שניידערקע נייט . . . . . . | האָלצ |
| די וועבערנ וועבט . . . . . . | וועש |

אופגאבע 47. **נעמענ פונ רעכטס, פונ מיטנ אונ פונ לינקס צו איינ וואָרט אונ אופשטעלנ זאצנ:**

| | | |
|---|---|---|
| לערערס | שרייבנ | אייזנ |
| שרייבער | לערנענ | קינדער |
| שמידנ | היילנ | ביכער |
| דאָקטוירימ | שמידנ | קראנקע |

— קינדער, — זאָגט דער לערער, — וואָס איז איצט אינ דרויסנ, א ווינט צי ניינ?

כעוורע גייענ צו צו די פענצטער.

— א ווינט, — שרייט אויס מירע, — די שפיצנביימער שאָקלענ זיכ.

— אונ אָט גייט פונ קוימענ א רויכ. ער גייט אינ א זייט, — רופט זיכ אָפּ מייע, — אז עס איז שטיל, גייט ער גלייכ אינ דער הייכ.

— און פון וועלכער זײַט בלאָזט דער ווינט? —
פרעגט ווײַטער דער לערער.

כעוורע שווײַגן.

— איך ווייס! — דערהערט זיך קימס קאָל, — וווהין דער רויך גייט, אהין איז דער ווינט.

**אופגאבע** 48. **אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער: ארופ, אראָפ, ארײַן, ארויס.**

**א רעגן גייט ארופ, א רויך גייט אראָפ.**

**אופגאבע** 49. **איבערשרײַבן, נאָר צעשטעלן די ווערטער ריכטיק.**

די קלענערע קינדער גייען פון פאָרנט

די גרעסערע פון הינטן

אַ כאַזער זעט נאָר, וואָס אונטן טוט

זיך, אַרויף קוקט ער ניט

**אופגאבע** 50. **ארויסשרײַבן די אויסגעטיילטע ווערטער.**

**אופגאבע** 51. **איבערשרײַבן און דערשרײַבן די פאר פעלטע ווערטער:**

זינע וואשט הײַנט וועש
ראָכל האָט נעכטן . . .
וועש

זינע שווענקט הײַנט
וועש
ראָכל האָט נעכטן . . .
וועש

זינע וועלגערט הײַנט
וועש
ראָכל האָט נעכטן . . .
וועש
זינע פרעסט הײַנט וועש
ראָכל האָט נעכטן . . .
וועש


2—495

| | |
|---|---|
| זינע הענגט הײַנט אויס | זינע לײגט הײַנט אײַנ |
| די וועש | שופלאָד וועש |
| ראָכל האָט נעכטנ . . . | ראָכל האָט נעכטנ . . . |
| די וועש | אינ שופלאָד וועש |

אופגאבע 52. איבערשרײַבנ און דערשרײַבנ די פאר-פעלטע ווערטער:

| | |
|---|---|
| די וועש גיבנ מיר אָפ . . . אינ וועשערײַ | פרעסנ |
| דאָרטנ . . . מענ אויס זײער רײנ | וואשנ |
| זײ . . . מיט עלעקטרישע פרעסנ | וואשט |

אופגאבע 53. אופשטעלנ זאצנ פונ די פאסיקע ווערטער פונ רעכטס און פונ לינקס:

| | |
|---|---|
| שטיוול נײט מענ . . . | מיט א פרעס |
| א בײט גראָבט מענ . . . | מיט א האק |
| א בריוו שרײַבט מענ . . . | מיט א נאָל |
| קלײדער פרעסט מענ . . . | מיט א פענ |
| האָלצ האקט מענ . . . | מיט א גראָבײַזנ |

אופגאבע 54. אופשטעלנ זאצנ פונ די פאסיקע ווערטער פונ רעכטס און פונ לינקס:

| | |
|---|---|
| צוועקעס קלאפט מענ . . . | מיט אנ עגבער |
| האָלצ זעגט מענ . . . | מיט א האמער |
| א ברעט הובלט מענ . . . | מיט א זעג |
| לעכער בויערט מענ . . . | מיט א הובל |
| א טיר פארשליסט מענ . . . | מיט א בערשטל |
| א מאנטל רײניקט מענ . . . | מיט א שליסל |

אופגאבע 55. איבערשרייבן:

# רעטעניש

אפ א ברעטל וואקסט א וואלד מיט האָר.
וואָס איז דאָס?

מעסער, שערל, פלאש, בערשטל, טשייניק, פרעס, האק, סלוי, סקאָווורעדע, קאטשלקע.

אופגאבע 56. ארויסשרייבן פריער דאָס, וואָס מע מאכט פון אייזן אָדער שטאָל, דערנאָך דאָס, וואָס מע מאכט פון האָלץ, דערנאָך דאָס, וואָס מע מאכט פון גלאָז.

פייסעך וועלן מיר אלע ארבעטן.
פייסעך איז בא אונדז קיין יאָנטעוו ניט.

אופגאבע 57. וויפל זאצן איז דאָ?

**מע דארף ניט קיין יאָנטויווים אלטע, נארישע.**

**אונדזערע יאָנטויווים זיינען נאָר פראָלעטארישע.**

אופגאבע 58. וויפל זאצן איז אין דעם לאָזונג? וויפל פונקטן? איבערשרייבן.

מיר לערנען היינט יידיש.

אופגאבע 59. וויפל זאצן איז דאָ? וואָס שטייט אין סאָף זאץ? וויפל ווערטער איז דאָ?

מע רעדט און מע שרייבט זאצן.
נאָך יעדן זאץ שטעלט מען א פונקט.
א זאץ באשטייט פון ווערטער.

# 4. יעדעס וואָרט שרײַבט זיך באַזונדער

אופגאבע 60. ענטפערן מינדלעך:
ווער יאָנטעוווט פּייסעך?
ווער ארבעט פּייסעך?

וויפל ווערטער איז אין ערשטן ענטפער? אין צווייטן?

פּייסעך איז ניט אונדזער יאָנטעוו.
אונדזער יאָנטעוו איז דער ערשטער מײַ.

אופגאבע 61. איבערשרײַבן. ענטפערן מונדלעך. וויפל ווערטער איז אין יעדן זאץ? וואָס איז דאָס צווייטע וואָרט אין ערשטן זאץ? דאָס דריטע וואָרט אין צווייטן זאץ?

עס פּאסט ניט, עס פּאסט ניט, עס פּאסט ניט,
אן אָקטיאבערל זאָל זײַן א פּוסטעפּאסניק.

אופגאבע 62. איבערשרײַבן עס. צוציילן וויפל ווערטער איז דאָ.

| |
|---|
| יעדעס וואָרט שרײַבט מען באַזונדער. |

## רעטעניש

ווינטער טוט עס,
זומער רוט עס.

אופגאבע 63. איבערשרײַבן די רעטעניש און אָנשרײַבן, וואָס איז עס.

מאכן אזא רעטעניש וועגן א וואָגן.

## א קליינ מיידעלע

א מאמע איז געגאנגען מיט א **קליינ מיידעלע** שפּאצירן. איז דאָס מיידעלע אוועקגעלאָפן ווײַטער

און האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט. איז זי צוגעגאַנגענ צו א **מיליציאָנער** און געפרעגט:

— עפשער האָסטו געזען א מאַמע און א קליינ מיידעלע?

**אופגאבע** 64. **איבערשרײַבנ די אויסגעטיילטע ווערטער.**

**אופגאבע** 65. **דערשרײַבנ די ווערטער פונ לינקס:**

אפנ גאס.... א מיליציאָנער | שטייט
אינ וועלדע... ביסטו געוועזנ? | שטעט

# פרילינג אינ גאָרטנ

באַ אונדז **אינ סאָד,**
באַ אונדז אינ גאָרטנ
צווישנ גראָז און קווייטנ
**גראָבנ מיר** און
**שאַרנ מיר**
און מאַכנ שיינע בייטנ.
און **מיר גראָבנ** און
**מיר זייענ**
דאָ באַ אונדז אינ גאָרטנ

מערעלעך און בורעקעס
און גרינס אלע סאָרטנ
קלינגט **אינ גאָרטנ**
אונדזער לידל
ביז **די זונ** גייט אונטער.
אָט אזוי **אינ שפיל,**
אינ ארבעט
**וואַקסנ מיר** געזונטע.

**אופגאבע** 66. **איבערשרײַבנ די אויסגעטיילטע ווערטער.**

מיר מאַכנ שיינע **בייטנ.**

מיר **בעטנ** אײַך קומענ אונדז העלפנ.

**אופגאבע** 67. **איבערשרײַבנ און אונטערשטרײַכנ די אויס-געטיילטע ווערטער.**

טיש, באַנק, בעט, שטול, קאָמאָד, טאַבורעטקע, שאַפע, דיוואַן, קאַסטן, בופעט.

אופגאַבע 68. אַרויסשרײַבן רעכטס מעבל מיט פּיסלעך, לינקס מעבל אָן פּיסלעך. פאַר יעדן וואָרט שטעלן **א**.

טאָפּ, טעלער, גלאָז, פאַן, לעפל, קוואַרט, שיסל, שאָל, גאָפּל, קעסעלע, גלעזל, קריגל.

אופגאַבע 69. אַרויסשרײַבן די זאַכן, אין וואָס מע קאָכט, דערנאָך די זאַכן, פון וואָס מע עסט, דערנאָך מיט וואָס מע עסט, דערנאָך פון וואָס מע טרינקט פאַר יעדן וואָרט שרײַבן **א**.

## רעטעניש

א דריי אַהער — ווערט ליכטיק, א דריי אַהין — ווערט פינצטער. וואָס איז דאָס?

אופגאַבע 70. איבערשרײַבן די רעטעניש און אָנשרײַבן וואָס איז דאָס.

| | | |
|---|---|---|
| א גלאָז | די גלאָז | אַהער |
| א טיש | דער טיש | אַהין |
| א מענטש | דער מענטש | אַרוף |
| א היטל | דאָס היטל | אַראָפּ |
| א דריי | דער דריי | אַרײַן |
| א קלאַפּ | דער קלאַפּ | אַרויס |

אופגאַבע 71. באַמערקן, ווו איז **א** באַזונדער און ווו ניט. איבערשרײַבן די ווערטער.

| |
|---|
| אויב מע קאָן זאָגן אָדער א |
| אָדער דער, די, דאָס |
| שרײַבט מען א באזונדער |

די מאשין איז אונדזער כאַוועה,
היט זי, היט זי אָפּ פון זשאַווער!
שמיר זי, פוצ זי, רייניק אָפּ,
היט זי ווי דאָס אויג אין קאָפּ!

**אופגאבע 72.** וויפל ווערטער איז אין דער ערשטער שורע? אין דער צווייטער? דריטער? פערטער?

איבערשרײַבן די ליד.

## יאָסעלע

יאָסעלע איז נאָך א קלײנ ייִנגעלע. ער קען נאָך ניט ריידן גוט. איינמאָל זאָגט ער: איך געזען א מענטש, ער געטראָגן א גרויסן, גרויסן לייטער. דערנאָך ער געשטעלט לייטער צו שטוב און גע־פארבט, געפארבט.

**אופגאבע 73.** וועלכע ווערטער האָט יאָסעלע פארפעלט?

איבערשרײַבן, וואָס יאָסעלע דערציילט, נאָר צוגעבן די פאר־פעלטע ווערטער.

## 5. א וואָרט באשטייט פון אויסיעס

פון וואָס באשטייט אונדזער רייד? — פון זאצן.
פון וואָס באשטייט א זאצ? — פון ווערטער.
אז מע דארף אָנשרײַבן א וואָרט, שרײַבט מען באזונדערע אויסיעס.

## א וואָרט באַשטייט פֿון אויסיעס

אָט וועלכע אויסיעס עס זײַנען פֿאַראַנ·

א אָ ב ג ד ה ו וי וו ז זש

ט טש י יי ײַ כ ל מ נ ס

ע פּ פ צ ק ר ש

**אופֿגאַבע** 74. איבערשרײַבנ אַלע אויסיעס לויט דער אָרדענונג.

# רעטעניש

עסט ניט קיינ היי,
קײַט ניט קיינ שטרוי,
ניט קיינ אָקס, ניט קיינ פֿערד
אונ אַקערט די....
וואָס איז דאָס.

**אופֿגאַבע** 75. איבערשרײַבנ די רעטעניש אונ צושטעלנ דאָס פֿאַרפֿעלטע וואָרט.

טרײַב דאָס פֿערד
ניט מיט א בײַטש
נאָר מיט האָבער.

**אופֿגאַבע** 76. אויסשרײַבנ די ווערטער מיט ײַ אונ מיט אָ.

א פערד עסט **האָבער,**

**אָבער** מע דארף עס געבן מיט א מאָס.

**אופגאבע** 77. איבערשרײַבן און אונטערשטרײַכן די אויס-געטײלטע װערטער.

קעראָסין, מעל, צוקער, צװעקעס, פוטער, מילך, שװאַרג, האָבער, אײַזן, זײף, גרױפּן, מאשינעס, גריזנס, הײ, טוך, גלאָז, ביכער.

**אופגאבע** 78. אָנשרײַבן, װעלכע פון די זאכן מאכט מען אין שטאָט און װעלכע — אין דאָרף.

דאָס קינד **זעט**, װי מע **זײט** טװוע.

איך װעל **זען**, װי מע װעט **זײען** טװוע.

**אופגאבע** 79. איבערשרײַבן און אונטערשטרײַכן די אויס-געטײלטע װערטער.

מיר זײַנען **יונגע** קינדער

מיר לערנען אין א **ייִדישער** שול.

**יעדעס יאָר** פײַערן מיר דעם **יאָנטעװ** ערש-טער מײַ.

מײַ איז דער פינפטער כוידעש, **יאַנוואַר** איז דער ערשטער כוידעש.

**אופגאבע** 80. איבערשרײַבן. אונטערשטרײַכן די אויסגע-טײלטע װערטער.

רויטע פאָנ
פלאַטערט אינדערלופטנ,
רויט איז זי ווי פּײַער,
אונגדז, קינדער פונ אָקטיאבער,
איז זי ליב אונ טײַער.

אופגאבע 81. ארויסשרײַבנ די ווערטער מיט ײַ.

אופגאבע 82. איבערשרײַבנ:

פּיאָנערנ גייענ זונ קליינע אָקטיאבערלעכ
מיט פּײַקל, מיט פאָנ אויכעט אינ קאָנ.

אופגאבע 83. איבערשרײַבנ אונ דערשרײַבנ, וואָס מע דארפ:

מײַנ פאמיליע איז. . . .
מײַנ נאָמענ איז. . . .
איכ בינ אלט. . . . יאָר
איכ ווינ אינ. . . .
איכ ווינ אפ. . . . גאס
די שול געפינט זיכ אפ. . . . גאס

— איכ קענ א ייִנגל **סאניע**, ער האָט א שוועס־טער **סאָניע**.

— אונ איכ קענ איינס א מיידל **באנע**, האָט זי א ברודער **באָנע**.

אופגאבע 84. ארויסשרײַבנ די אויסגעטיילטע ווערטער.

## מײַנ ברודער **ליבל** האָט א נײַ **לײַבל.**

**אופגאבע** 85. איבערשרײַבנ עס אונ אונטערשטרײַכנ די אויסגעטײלטע ווערטער.

**אופגאבע** 86. איבערשרײַבנ:

זיבנ מיט צוויי איז אכט?
— ניינ, נײַנ.

**אופגאבע** 87. דערשרײַבנ:

| | |
|---|---|
| עס האָט א . . . . געטאָנ א רעגנ. | גאס |
| אפ דער גאנצער . . . . איז נאס. | גאָס |

**אופגאבע** 88. דערשרײַבנ:

| | |
|---|---|
| אפנ הויפ שטײט א . . . . | פאס |
| איכ טו אָנ א . . . . | פּאס |

**אופגאבע** 89. דערשרײַבנ:

| | |
|---|---|
| וואש דאָס גאנצע . . . . | לײב |
| אינ זאָאָפּארק האָב איכ געזענ א . . . . | לײַב |

**אופגאבע** 90. דערשרײַבנ:

| | |
|---|---|
| פונ א . . . . עסט מענ | שאל |
| א . . . . טוט מענ אָנ | שאָל |

אופגאבע 91. דערשרײַבן:

| | |
|---|---|
| אפ דער דעמאָנסטראַציע זײַנען מיר געקומען מיט א . . . . | פאנ |
| אינ קיכ העגגט א . . . . . | פאָנ |

אופגאבע 92. דערשרײַבן:

| | |
|---|---|
| בעהיימעס האלט מענ אינ א . . . . | שטאל |
| א שערל מאכט מענ פונ . . . . | שטאָל |

אופגאבע 93. אופשטעלנ זאצנ מיט די ווערטער:

באק, באָק, פוטער, פּוטער, זייענ, זײַענ.

> מע דארפ ניט שרײַבנ א אָנשטאָט אָ
> מע דארפ ניט שרײַבנ יי אָנשטאָט ײַ
> מע דארפ ניט שרײַבנ פ אָנשטאָט פּ

**פרידע:** דו ווייסט שוינ אלע אויסיִעס?

**ראָכל:** יאָ, איכ ווייס שוינ אלע אויסיִעס, נאָר קיינ **זשע** קענ איכ נאָכ ניט שרײַבנ.

**פרידע:** וואָס איז דער קונצ? אָט מע דארפ אָנשרײַבנ **זשוק,** שרײַבט מענ אָנ *זשוק*

אופגאבע 94. אָנשרײַבנ ווערטער מיט זש.

טשוהונ, טשײַניק, זשוק, זשאבע, טשערעדע, זשעדנע, זשאלעוועג, טשאד, זשורנאל, זשאווער, סאזשע, דעזשורענ.

אופגאבע 95. אויסשרײַבנ ווערטער מיט זש רעכטס אונ ווערטער מיט טש — לינקס.

# דאָס צווייטע לערניאָר

## 1. דערציילונג, פראגע, אויסרוף

דער לערער האָט פאָרגעלייגט דער גרופע איבערשרײַבן די דערציילונג און צעשטעלן פונקטן אין סאָף פון יעדן זאַץ:

מוישע האָט געקוקט דורכן פענצטער פון קוימען אפ דער אנטקעגנדיקער שטוב איז געגאנגען א רויך ארופצו מיט א קלומעקל אפ די הענט איז פארבײַ שטוב דורכגע-גאנגען א ווײַבל אין א רויטער פאטשיילע רײַטנדיק אפ א פערד איז א רויטארמייער דורכגעפאָרן איבערן גאס אפן הימל האָבן זיך געקליבן וואָלקנס.

— וואָס פאר א באַטרעפ, האָט א זאָג געטאָן מאָטל שאַפּיראָ און עס אפ גיך איבערגעשריבן:

מוישע האָט געקוקט דורכן פענצטער. פון קוימען אפ דער אנטקעגנדיקער שטוב איז געגאנגען א רויך ארופצו מיט א קלומעקל. אפ די הענט איז פארבײַ שטוב דורכגע-גאנגען א ווײַבל אין א רויטער פאטשיילע רײַטנדיק. אפ א פערד איז א רויטארמייער דורכגעפאָרן איבערן גאס אפן הימל. האָבן זיך געקליבן וואָלקנס.

**אויפגאבע** 1. איבערשרײַבן עס ריכטיק. וויפל זאצן איז דאָ? וויפל פונקטן?

## צוגאסט בא די פּיאָנערן

אונדזערע אָקטיאבערלעך זײַנען זומער געקומען צוגאסט צו די פּיאָנערן. דער פּיאָנערישער לאגער איז געווען בא א טײַכל. די פּיאָנערן האָבן זיך געקליבן זיך באָדן. די אָקטיאבערלעך האָבן זיך אויך אויסגעבאָדן.

**אופגאבע 2.** וויפל זאצן איז אין דער דערציילונג? וואס שטייט נאָך יעדן זאץ? איבערלייענען דעם זאץ וועגן דעם לאגער. וועגן וואָס דערציילט זיך אין דריטן זאץ? אין פערטן?

**די פּיאָנערן האָבן דערציילט די אָקטיאבערלעך וועגן דעם לעבן אין לאגער דערנאָך האָבן זיי אלע אָפּגעגעסן און אוועק אין וואלד דאָרטן האָבן זיי געקליבן יאגעדעס.**

**אופגאבע 3.** וואס פעלט דאָ? איבערשרייבן און שטעלן נאָך יעדן זאץ א פונקט.

**פארנאכט זיינען זיי פריילעך געקומען צוריק אין לאגער. יאשקע טוט א פרעג בא די אָקטיאבערלעך:**

**— נו, ווי געפעלט אייך אונדזער לאגער?**

**— אונדז געפעלט זייער,— האָבן באלד געענטפערט די אָק־טאבערלעך.**

**— איר וועט קומען צו אונדז נאָכאמאָל? — פרעגט ווידער יאשקע.**

**— יאָ, מיר וועלן קומען.**

**אופגאבע 4.** וואָס האָט יאשקע געפרעגט?
וואָס האָבן די אָקטיאבערלעך געענטפערט?

| |
|---|
| **אין סאָף זאץ קאָן שטיין ניט נאָר א פונקט. אויב ס'איז א פראגע, שטייט אין סאָף זאץ א פרעגצייכן. [?]** |

**— איר וועט פאָרן אין לאגער?**
**— מיר וועלן פאָרן אין לאגער.**

| |
|---|
| **אז מע פרעגט, הייבט זיך דער קאָל.**<br>**אז מע ענטפערט, לאָזט זיך דער קאָל אראָפּ.** |

**אופגאבע 5.** איבערשרייבן:
— ווי געפעלט אייך דער לאגער?
— דער לאגער געפעלט אונדז זייער.

**אופגאבע 6.** צוטראכטן עטלעכע פראגעס און ענטפערן און באמערקן, וויאזוי גייט דער קאָל, ווען מע פרעגט און ווען מע ענט־פערט.

**אופגאבע 7.** פארשרײַבנ אײנע פונ די צוגעטראכטע פראגעס מיטנ ענטפער. אינ סאָפ פראגע שטעלנ א פרעגצײכנ. אינ סאָפ ענטפער — א פונקט.

## קעגנ רעליגיע

די פויערים פונעם קאָלווירט „נײַערד" האָבנ א סאך ארבעט. מע נעמט אראָפ דאָס שפעטע גאָרטנוווארג, מע באהאלט דאָס אפ ווינטער, מע פארגרייט אפ ווינטער שפײַז פארנ פי.

ערעוו יאָנקיפער קומט אראָפ אינ קאָלווירט דער ראָוו פונעם שכײַנעסדיקנ שטעטל. דער ראָוו גײט פונ פויער צו פויער אונ רופט זײ אפ מאָרגנ אינ בעסמעדרעש.

קײנער פונ די פויערימ האָט דעמ ראָוו ניט געהערט. מע האָט געארבעט יאָנקיפער אפנ גאָרטנ

**אופגאבע 8.** ענטפערנ שריפטלעכ אפ די פראגעס: וואָס האָט געוואָלט דער ראָוו? צי האָבנ אימ די פויערים געפאָלגט?

## אויס רעליגיעזע יאָנטויווימ!

**אופגאבע 9.** וואָס באטײַט דער לאָזונג? וואָס פאר א צײכנ שטײט אינ סאָפ?

> אינ סאָפ זאצ קאָנ שטײנ ניט נאָר א פונקט אָדער א פרעגצײכנ, נאָר אויכ אנ אויסרופצײכנ (!)

**עלטערנ, גײט ניט אינ בעסמעדרעש!**
**לאָמיר פארמאכנ די קלויזנ אונ עפענענ קלובנ!**

**אופגאבע 10.** ווי־אזוי ווערנ ארויסגערעדט די לאָזונגענ (מיט וואָס פאר א טאָנ?) איבערשרײַבנ די לאָזונגענ.

בערל אונ שײַקע זײַנענ **געגאנגענ** צומ ערשטנ מאָל אינ וואלד. בערל פרעגט שײַקענ:

— האָסט מוירע?
— וואָס איז דאָ וואָס מוירע צו האָבן? איך בין דאָך ניט קיין לײנינקער.
טוט בערל אומישנע א געשריי:
— א וואָלף!
דאָ האָט זיך שײַקע צעוויינט:
— מאמע!
דערנאָך האָט בערל פון אים געלאכט:
שוין איינמאָל א דרייסטער!

אופגאבע 11. באמערקן די זאצן מיט די אויסרופצייכנס. אי־בערלייענען זיי נאָכאמאָל, באזונדער, מיטן געהעריקן טאָן. פארשרײַבן די אויסגעטיילטע ווערטער.

אופגאבע 12. איבערשרײַבן:

— איך האָב געכאפּט א בער!
— טאָ פיר אים אהער!
— ער גייט ניט!
— טאָ קום אליין!
— ער לאָזט ניט!

אופגאבע 13. איבערשרײַבן:

— ווּהין פאָרסטו?
— אין שטאָט.
— וואָס פירסטו?
— א וואָגן האָלץ.
— וואָס פאר א האָלץ, דו פירסט דאָך היי?
— אז דו זעסט, איז וואָס פרעגסטו?

אופגאבע 14. אויפשרײַבן זעקס זאצן: צוויי מיט פונקטן, צוויי מיט פרעגצייכנס און צוויי מיט אויסרופצייכנס.

אופגאבע 15. איבערשרײַבן און דערשרײַבן די פארפעלטע ווערטער:

אין סאָפּ זאצ שטעלט מען אָדער א . . . . אָדער א . . . . אָדער א . . . .

# 2. זאַץ

## אין גאָרטן

אַלע קינדער אַרבעטן הײַנט אין גאָרטן.
יאַנקל גראָבט קאַרטאָפל. קים שיט די קאַרטאָפל אין קױשל.
מישע דערלאַנגט די קאַרטאָפל צום װאָגן.

**אױפגאַבע 16.** װיפל זאַצן איז דאָ? איבערלײענען דעם ערשטן זאַץ. װעגן װעמען דערציילט זיך דאָ? װאָס טוען זײ? װעגן װעמען דערציילט זיך אין צװײטן זאַץ? װאָס טוט ער? װאָס טוט מישע? װער דערלאַנגט די קאַרטאָפל צום װאָגן?

קינדער אַרבעטן. יאַנקל גראָבט. קים שיט. מישע דערלאַנגט.

**אױפגאַבע 17.** איבערשרײַבן די פיר זאַצן אַזױ:

| װער | װאָס טוט |
|---|---|
| קינדער | אַרבעטן |
| . . . . | . . . . |

אױפן װאָגן זיצט דער קלײנער בערקע. ער שרײַט צום פערדל: ניאָ־ניאָ! דאָס פערדל שפּאַנט פּאַמעלעך איבערן גאָרטן. יוליק זיצט אױף דער ערד. ער קײַט אַ שטיקל ברױט.

**אױפגאַבע 18.** װיפל זאַצן איז דאָ? װעגן װעמען דערציילט זיך אין ערשטן זאַץ? װוּ זיצט ער?
װעגן װעמען דערציילט זיך אין דריטן זאַץ? װוּ שפּאַנט דאָס פערדל?
װעגן װעמען דערציילט זיך אין פערטן זאַץ? װוּ זיצט ער?

| | |
|---|---|
| דער קלײנער בערקע זיצט (װוּ?) | אױף דער ערד |
| דאָס פערדל שפּאַנט פּאַמעלעך (װוּ?) | איבערן גאָרטן |
| יוליק זיצט (װוּ?) | אױפן װאָגן |

**אױפגאַבע 19.** איבערשרײַבן די דרײַ זאַצן און אָנשטאָט דעם װאָרט „װוּ?“ דערשרײַבן די נײטיקע װערטער פון לינקס.

סאָנקע רייניקט די מערג, פונג צײַט צו צײַט פאַרזוכט זי א מערל. פיניע האַקט ארום די קרויט.

**אופגאַבע** 20. וויפל זאצג איז דאָ? וועגן וועמען דערציילט זיך אין ערשטן זאַץ? וועגן וועמען דערציילט זיך אין צווייטן זאַץ? און אין דריטן?

סאָנקע רייניקט (וואָס?)
פיניע האַקט ארום (וואָס?)

**אופגאַבע** 21. איבערשרײַבן די צוויי זאצן און אַנשטאַט דעם וואָרט „וואָס?" שטעלן די נייטיקע ווערטער.

| |
|---|
| ווער? וואָס? ווו? |

## אין קאָלווירט

עס זײַנען געקומען ארבעטער אין קאָלווירט „נײַע וועלט". דאָס איז געווען האַרבסט. אפן פעלד האָבן געארבעט א סאַך מענטשן. קאָלווירטניקעס האָבן אויסגעגראָבן קאַרטאָפל. די אַרבעטער האָבן געגומען העלפן די קאָלווירטניקעס. אין א דעקאַדע ארום זײַנען די ארבעטער געקומען צוריק אין שטאָט.

**אופגאַבע** 22. וויפל זאצן איז דאָ? וועגן וועמען דערציילט זיך אין ערשטן זאַץ? וווהין זײַנען די ארבעטער געקומען? ווען איז דאָס געווען? ווו האָבן געארבעט א סאַך מענטשן? וואָס האָבן די קאָלווירטניקעס אויסגעגראָבן? וועמען האָבן די ארבעטער געהאָלפן? ווען זײַנען זיי געקומען צוריק אין שטאָט?

ארבעטער זײַנען געקומען (וווהין?)
דאָס איז געווען (ווען?)
א סאַך מענטשן האָבן געארבעט (ווו?)
די קאָלווירטניקעס האָבן אויסגעגראָבן (וואָס?)
די ארבעטער האָבן גענומען העלפן (וועמען?)

**אופגאַבע** 23. איבערשרײַבן די זאצן און אַנשטאַט די פראַגע־ווערטער צושטעלן די נייטיקע ווערטער.

| | | |
|---|---|---|
| ווער? | וואָס? | וועמען? |
| ווו? | וווהין? | ווען? |

# דער גאָלדענער האַרבסט

די לערערקע האָט אונדז געזאָגט: קינדער, עס קומט דער גאָלדענער האַרבסט.

פרעגט מערי:

— פאַרוואָס איז דער האַרבסט אַ גאָלדענער?

— קומט אין וואַלד, וועט איר זען.

מיר זיינען אַוועק אין וואַלד. עס האָט געבלאָזן אַ קילער ווינט. די העלע זון האָט נאָך געוואַרעמט. די הויכע ביימער זיינען געווען באַדעקט מיט געלע בלעטער. זיי האָבן טאַקע אויסגעזען ווי גאָלדענע ביימער.

**אויפגאַבע 24.** די לערערקע האָט אונדז געזאָגט. ווער האָט געזאָגט?

עס קומט דער גאָלדענער האַרבסט. וואָס קומט? אַ וואָסערער האַרבסט?

געפינען אין דער דערציילונג דעם זאַץ, וואָס הייבט זיך אָן „מיר זיינען אַוועק". וווּהין זיינען מיר אַוועק? געפינען דעם ווײַטערדיקן זאַץ. וואָס פאַר אַ ווינט האָט געבלאָזן? געפינען דעם ווײַטערדיקן זאַץ. וואָס פאַר אַ זון האָט געוואַרעמט?

די הויכע ביימער זיינען געווען באַדעקט מיט געלע בלעטער.

מיט וואָס זיינען געווען באַדעקט די ביימער? מיט וועלכע בלעטער? וועלכע ביימער?

זיי האָבן טאַקע אויסגעזען, ווי גאָלדענע ביימער.

ווי האָבן אויסגעזען די ביימער?

| וואָס? | אַ וואָסערער? |
|---|---|
| האַרבסט | גאָלדענער |
| ווינט | . . . . |
| ביימער | . . . . |
| בלעטער | . . . . |

**אויפגאַבע 25.** דערשרייבן די פּאַסיקע ווערטער לינקס.

די . . . זון שיינט. די . . . בלעטער פאַלן . . . אַ . . . ווינטל בלאָזט. דער . . . פּאַרק ווערט פּוסט. די פויגלען זיינען שוין אַוועקגעפלויגן אין די . . . לענדער.

**אויפגאַבע 26.** דערשרייבן פּאַסיקע ווערטער פון צעטל:

העלע, וואַרעמע, געלע, גאָלדענע, קיל, גרויסער.

**אופגאבע 27.** אויסקלײַבן פונדאנען די ווערטער אף ווו?

אפן הויף, אין גאס, נעכטן, אפן בארג.
אין שטאָט, אין דער היים, אונטערן דאך, גרינג.
אינווייניק, הינטערן פענצטער, אין קעסטל, פון דער היים.

**אופגאבע 28.** אויסקלײַבן פונדאנען די ווערטער אף „א וואָסערער?"

א קאלטער, א ווארעמער, א הייסער, הײַנט.
א גוטער, א שלעכטער, א ייִנגל, א זייגער.
א העלער, א געלער, א טעלער, א פעלער.

**אופגאבע 29.** אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער:
הארבסט — הימל. האָז — געהארגעט. האָלץ — הייצן.

## בלעטער

א קאלטער ווינט בלאָזט און רײַסט די געלע בלעטער פון די ביימער. די בלעטער פאלן איינס נאָך דעם צווייטן אף דער פײַכטער ערד. זיי בעטן אויס די לאנגע אלייען. איבער די אלייען גייט ארום דער אלטער וועכטער מיט א גרויסן בעזעם. ער קערט צונויף די געלע בלעטער אין איין קופּע.

**אופגאבע 30.** באמערקן די ווערטער, וואָס האָבן זיך ניט אויסגעשטעלט אף איין שורע. איבערלייענען, וועלכער טייל וואָרט שטייט אף איין שורע און וועלכער אף דער צווייטער.

אז א וואָרט שטעלט זיך ניט אויס אין סאָף שורע, טראָגט מען עס אריבער: מע שרײַבט אין סאָף שורע, וויפל עס שטעלט זיך אויס, און די איבעריקע אויס׳עס אף דער צווייטער שורע. מע לאָזט ניט איבער און מע טראָגט ניט אריבער איין אָס. אין סאָף שורע שטעלט מען א שטריכל.

## 3. ווי שרייבן ריכטיק דעם סאָף וואָרט

### דער קאָאָפּעראַטיוו

עמע, פּירע, וואַליע, מישע און דימקע האָבן זיך געשפּילט אין אַ קאָאָפּעראַטיוו. געשפּילט האָבן זיי זיך אויף די טרעפּ פון זעקסטן שטאָק. דאָרטן זיינען מענטש: ווינציק אַרומגעגאַנגען. פּלעגט זיי קיינער ניט שטערן.

יעדעס קינד האָט געבראַכט, וואָס מע דאַרף פאַר אַ קאָאָפּע־ראַטיוו.

עמע האָט אַרויסגעטראָגן אַ קליין שאַפקעלע מיט אַ טישע־לע. פּירע האָט געבראַכט צוויי שיסעלעך, וואָס מע קען פון זיי מאַכן אַ וואָג. דערנאָך האָבן די קינדער אָנגעטראָגן זאַמד, ציגל, שטיקלעך פּאַפּיר, אַ פּושקעלע, קלעצלעך, אַ טעלערל און אַ גלעזעלע.

פּירע איז געווען די פאַרקויפערן.

אַלע קינדער האָבן זיך אַרומגעשטעלט מיט קוישעלעך אַרום דעם טישל. וואַליע האָט געקויפט זייף, עמע האָט געבעטן צו־קער און מישע האָט געוואָלט עפּל.

**אויפגאַבע** 31. אַרויסשרייבן די ווערטער, וואָס ענדיקן זיך מיט ‎-עלע אָדער מיט ‎-עלעך.

**אויפגאַבע** 32. דערשרייבן:

א שאַפקע — אַ שאַפקעלע. א שיסל —
א טיש — א פּושקע —

די באָבע ריווע ציטערט איבער איר אייניקל בערעלע. זי פרעגט אַלעמאָל בא איר טאָכטער, בערעלעס מאַמע:

— צי טוט אים ניט וויי דאָס בייכעלע, דאָס קעפּעלע, אַ פּי־סעלע, דאָס נעזעלע, דאָס מיילכעלע?

די טאָכטער ענטפערט:

— ניין, ניין, מאַמע, אים טוט גאָרניט וויי. ער איז געזונט און פריילעך. באַלד וועלן זיך בא אים דורכשניידן ציינדעלעך.

**אויפגאַבע** 33. איבערשרייבן און אונטערשטרייכן די ווערטער מיט ‎-עלע און מיט ‎-עלעך.

**אופגאַבע** 34. איבערשרײַבנ אונ דערשרײַבנ די פאַרפעלטע ווערטער:

| | | |
|---|---|---|
| טײַך | טײַכל | טײַכעלע |
| בארג | . . . | . . . |
| טויב | טײַבל | . . . |
| . . . | מײַזל | . . . |
| . . . | . . . | הענטעלע |
| צונג | צינגל | . . . |
| האָנ | הענדל | . . . |
| הונ | . . . | הינדעלע |
| . . . | ביינדל | . . . |
| . . . | . . . | שטיינדעלע |

הײַנט איז קאַלטלעכ.

נעכטנ איז געווענ וואַרעמלעכ.

די פאָדלאָגע האָט מענ ניט גוט אויסגעווישט — איז זי נאַסלעכ.

די אויגנ זײַנענ בא מיר רויטלעכ.

זײַנ פּאָנעם איז ערעס הײַנט געלבלעכ.

מיט קויעכ אונ סייכל קאָנ מענ פיל אופטאָנ.

**אופגאַבע** 35. איבערשרײַבנ אונ אונטערשטרײַכנ די אויסגעטיילטע ווערטער.

**אופגאַבע** 36. איבערשרײַבנ אונ דערשרײַבנ:

א קאַלטער טאָג — א קאַלטלעכער טאָג
א שוואַרצ פּאָנעמ — . . . . . .
א ווײַטער מעהאַלעכ — . . . . . .
א נאַסע וואַנט — . . . . . .
לאַנגע בריגנס פּאַפּיר — . . . . . .
א שווערע אַרבעט — . . . . . .

**אופגאבע 37.** צוקליַיבן צו די ווערטער פון רעכטס די פּאַסיקע ווערטער פון לינקס:

| | | | |
|---|---|---|---|
| א נאסלעכער | וואנט | א בלוילעכער | קאָלדרע |
| א נאכלעכע | מויער | א בלוילעכע | הימל |

**אופגאבע 38.** אויפשטעלן זאצן מיט די ווערטער: האַנטעך, טישטעך, קויעך, מויעך, פּאַסטעך, רעטעך, שעטעך.

**אופגאבע 39.** אויפשטעלן זאצן מיט די ווערטער: ארבעטער, פארוואלטער, דאָקטער, טעאטער, דירעקטער, מעטער, צענטער, אָרקעסטער.

**אופגאבע 40.** דערשרײַבן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| שטאָט . . . | א | שטאָטישע | גאַס |
| דאָרף . . . | „ | . . . | הויז |
| ייִד . . . | „ | . . . | שול |
| רוס . . . | „ | . . . | כאַווער |
| דײַטש . . . | „ | . . . | קאָמוניסט |
| סאָוועט . . . | די | . . . | געזעצן |
| קאָמוניסט . . . | די | . . . | פּארטיי |
| קולאַק . . . | די | . . . | שפּיצלעך |

**אופגאבע 41.** איבערשרײַבן די ווערטער אזוי: רעכטס מיט „עס“, לינקס מיט „עץ“.

**גרענעץ, געזעץ, פּענעץ, עפּעס, ערגעץ, קירבעס, פּאָרעץ, באָרוועס, צולאָכעס, אמאָרעץ.**

**אופגאבע 42.** אויפשטעלן זאצן מיט די איבערגעשריבענע ווערטער פון דער אופגאבע 41.

## 4. ווי שרײַבן ריכטיק דעם אָנהייב וואָרט

**געוועזן 12 ברידער.**
**דרײַ האָבן די ערד געפּוצט,**

דרײַ האָבן געוואָרעמט, געבראָטן,
דרײַ האָבן רעגנס געגאָסן,
דרײַ האָבן שנייען געשאָטן.
ווער זײַנען זיי?

**אופגאבע 43.** ארויסשרײַבן די ווערטער מיט **גע.**

**אופגאבע 44.** אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער: געבײַדע, געדאנק, געווען, געזעץ, געפעס, גערעטעניש.

**אופגאבע 45.** אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער: געבויט, געגעבן, געגאנגען, געדויערט, געדײַגעט, געלעבט.

**אופגאבע 46.** אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער: געזונט, גענוג, גענוי, גערעכט, געשווינד.

**אופגאבע 47.** דערשרײַבן:

**טיילן — צעטיילן די בלײַערס אין קלאס**

| | |
|---|---|
| **ווארפן . . .** | **די שפּילצײַג** |
| **גראָבן . . .** | **די ערד** |
| **האקן . . .** | **דאָס האָלץ** |
| **לייגן . . .** | **די ביכער אין שאפע** |
| **רײַסן . . .** | **אן אלטן בלאט** |
| **שיטן . . .** | **די ארבעס** |
| **שנײַדן . . .** | **דאָס ברויט** |

**אופגאבע 48.** אופשטעלן דרײַ זאצן, אז אין זיי זאָלן זײַן עטלעכע ווערטער מיט „גע“ און עטלעכע מיט „צע“.

## 5. טראפ

**נעמען, נעפעש, נעבעך.**

**אופגאבע 49.** אופשטעלן זאצן מיט די דרײַ ווערטער.

איבערלייענען די דרײַ ווערטער. וועלכער טייל איז בא די אלע ווערטער דער זעלביקער?

**אופגאבע** 50. וואָס איז פאַראַן אין ערשטן וואָרט כוצנ טייל נע? אין צווייטנ וואָרט? אין דריטנ וואָרט?

```
מענ
נע — פעש
בעכ
```

דאָס וואָרט **נעמענ** באַשטייט פונ צוויי **טראַפנ**: דער ערשטער טראַפ איז **נע**, דער צווייטער א **מענ**.

**אופגאבע** 51. פונ וועלכע צוויי טראַפנ באַשטייט **נעפעש**? וועלכער איז דער ערשטער טראַפ אין וואָרט **נעבעכ**? דער צווייטער?

| אַז מע רעדט אַרויס א וואָרט, באַשטייט עס פונ טראַפנ. |
|---|

א קליינ מיידעלע איז געגאַנגענ מיט דער מאַמענ אין וואַלד. די מאַמע איז אָפּגעגאַנגענ א ביסל ווײַטער. האָט זיכ דאָס מיידעלע דערשראָקנ אונ גענומענ שרײַענ:

— מאַ—מע! קום אַ—הער!

**אופגאבע** 52. ווי האָט דאָס מיידעלע אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט **מאַמע**? וויאַזוי האָט זי דאָס צעטיילט? וועלכעס וואָרט האָט זי נאָכ צעטיילט אפּ טראַפנ?

**האָט א ייִנגעלע געלייענט א באַריכט.**
**האָט א מיידעלע געלייענט א געדיכט.**

**אופגאבע** 53. וויפל טראַפנ איז אין דער ערשטער גאַנצער שורע? אין דער צווייטער?

האָט — א — ייִנ — גע — לע — גע — ליי — ענט — א — באַ — ריכט.
האָט — א — מיי — דע — לע — גע — ליי — ענט — א — גע — דיכט.

דאָ זײַנענ די ווערטער צעטיילט אפּ טראַפנ. דאָ זײַנענ פאַראַנ:
1) ווערטער מיט איינ טראַפ: האָט, א.
2) ווערטער מיט צוויי טראַפנ: באַריכט, געדיכט.
3) ווערטער מיט דרײַ טראַפנ: ייִנגעלע, מיידעלע, געלייענט.

**שטאַרקער ווי אַלע — די רויטע אַרמיי!**

**אויפגאַבע 54.** ליי'ענט דעם לאַזונג טראַפּנווייז, אַלע אינאיינעם. וויפל טראַפּן איז דאָ?

איבערשרייבן און שטעלן נאָך יעדן טראַף אַ שטריך.

| | |
|---|---|
| זינג | אָנקומען |
| זינגען | אָנגעקומען |
| זינגענדיק | אָנגעקומענער |
| זינגענדיקער | |

**אויפגאַבע 55.** וויפל טראַפּן איז אין יעדן וואָרט? צוטראַכטן אַליין אַזוינע ביישפּילן.

> **אַ וואָרט קאָן באַשטיין פון איין טראַף, פון 2 טראַפּן, פון 3 טראַפּן אָדער מער.**

**אויפגאַבע 56.** וויפל טראַפּן איז אין די ווערטער: באַלשעוויסטישע, אינדוסטריאַליזם, אינדוסטריאַליזאַציע.

**אַז מע איז פויל, האָט מען ניט אין מויל.**
**געבראָטענע טייבעלעך פליִען ניט אין מויל אַריין.**

**אויפגאַבע 57.** איבערשרייבן די ווערטער אַזוי:

| 1 טראַף | 2 טראַפּן | 3 טראַפּן | 4 טראַפּן |
|---|---|---|---|
| | | | |

**אויפגאַבע 58.** איבערשרייבן און דערשרייבן די פּאַסיקע טראַפּן:

מיר טרינ. . . ווא . . .
זיי זינ. . . לי. . .
איך ליי. . . בי. . .

**אויפגאַבע 59.** צושרייבן די פאַרפעלטע טראַפּן:

**ע — טרע, טע — פאָן, מאַ — ניסט, קאָנ — טער.**
(טעלעפאָן, מאַשיניסט, עלעקטרע, קאָנדוקטער).

**אופגאבע** 60. צוקלײַבנ צו יעדנ טראפ פונ רעכטס דעם פאסיקנ טראפ פונ לינקס.

| | |
|---|---|
| א | נענ |
| קינ | לע |
| זײַ | סיק |
| פלײַ | דער |

**אופגאבע** 61. איבערלייענע די ווערטער (דאָ זײַנענ די טראפנ צעשטעלט פארקערט):

כער-בי, דער-לי, טער־ווער, מעס־היי־בע, רימ-ווײ־כא, קע-סינ-ווײַי קע-טינ-רוי, קע-נינ-גרי.

**אופגאבע** 62. איבערלייענע די ווערטער (דאָ זײַנענ די טראפנ צעשטעלט פארקערט):

לע־פע־לע. קע־שענ־קע.




**אופגאבע** 63. ווי דארפנ זיכ אויסשטעלנ די פיאָנערנ, אז מע זאָל קאָנענ איבערלייענע דעם לאָזונג? אָנשרײַבנ דעם לאָזונג.

## 6. קלאנג

### טאָפּעלע טוטארעטו

— ייִנגל, וויאזוי רופט מענ דיכ?
— מיכ? טאָפּל דיטל סאלמענס.

— העכער א ביסל!
— טאָפּל דיטל טאַלמענס!
— נאָך העכער!
איך שרײַ הויך, אַף א קאָל:
— טאָפּל! דיטל! טאַלמענס!

**אופגאבע** 64. וועלכע קלאַנגען קאָן קאָפּל ניט אַרויסריידן? אַף וועלכע קלאַנגען פאַרבײַט ער זיי?

פון וויפל טראַפּן באַשטייט **קאָפּעלע**? פון וועלכע קלאַנגען באַשטייט דער ערשטער טראַף? דער צווייטער? דריטער?

| |
|---|
| **א וואָרט באַשטייט פון טראַפּן אָדער פון איין טראַף.** |
| **א טראַף באַשטייט פון קלאַנגען אָדער פון איין קלאַנג.** |

**„דעבאַבע בירל" פלעגט זיך אָפּט קלאָגן, אַז איר „בעהייבע" האָט זיך אויפגעהערט צו „בעלקן" און זי גיט ניט קיין „בילכ".**

**אופגאבע** 65. וועלכע קלאַנגען קאָן נעכאַמע-מירל ניט אַרויסריידן? אַף וואָס פאַרבײַט זי זיי?

וועלכע קלאַנגען גיט מען אַרויס, אַז מע שרײַט **ששש**א!

וועלכע קלאַנגען גיט אַרויס מאַטל, ווען ער קרימט נאָך ווי א ציג מעקעט? (מעעע...)

**אופגאבע** 66. צעטיילן די דאָזיקע ווערטער אַף טראַפּן און יעדן טראַף אַף קלאַנגען (מינדלעך):

**דער לערער האָט דערקלערט, וואָס איז טראַף און קלאַנג.**

**אופגאבע** 67. וויפל קלאַנגען איז אין וואָרט **איז**? אין וואָרט **און**?

**אופגאבע** 68. איבערשרײַבן די דאָזיקע ווערטער און איבער יעדן וואָרט אָנשרײַבן מיט ציפערן, וויפל קלאַנגען עס האָט:

**מיר באַנעמען גאַנץ גוט אי א טראַף אי א קלאַנג.**

## אָקטיאַבער-רעוואָליוציע

**פאַר דער רעוואָליוציע האָבן די אַרבעטער און פּויערים געלעבט זייער שלעכט. די פאַבריקן, זאַוואָדן און די בעסטע ערד האָבן**

געהערט צו די פאבריקאנטן און פריצים. אין 1917 יאָר האָבן די ארבעטער און די פויערים געמאַכט א רעוואָליוציע. זי איז פאָרגעקומען אין אָקטיאבער. דעריבער הייסט זי די אָקטיאבער־רעוואָליוציע. די קאָמוניסטישע פארטיי האָט אָנגעפירט מיט דער רעוואָליוציע. אין שפּיץ פון דער פארטיי איז געשטאנען לענין. פון דעמלט אָן איז בא אונדז סאָוועטנמאכט.

**אופגאבע 69.** וויפל זאצן איז אין דער דערציילונג? וואָס פאר א צייכנ שטייט נאָכ יעדנ זאצ? פארוואָס שטייט א פונקט, ניט קיינ פרעגצייכנ אָדער אויסרופצייכנ?

אינ וועלכע זאצנ איז פאראנ ווערטער אפ **ווער**? אינ וועלכע זאצנ איז פאראנ ווערטער אפ **וועג**? אינ וועלכנ זאצ איז פאראנ ווערטער אפ **פונ וועג אָנ**?

## לאָזונגען

די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט אראָפּגעוואָרפּנ די פריצים און קאפיטאליסטנ.
די סאָוועטנמאכט איז די מאכט פונ די ארבעטער און פויערים.
דער כאווער סטאלינ איז לענינס בעסטער שילער.
זאָל לעבנ די אָקטיאבער־רעוואָליוציע!
זאָל לעבנ די סאָוועטנמאכט!
זאָל לעבנ די קאָמוניסטישע פארטיי!
זאָל לעבנ דער כאווער סטאלינ!

**אופגאבע 70.** וועלכע צייכנס שטייענ אינ סאָפ פונ די לאָזונגענ? פארוואָס?

איבערשרייבנ די לאָזונגען.

**אופגאבע 71.** פונ וואָס באשטייט א זאצ? א וואָרט? א טראָפּ?

**אופגאבע 72.** פונ וויפל טראָפּנ באשטייט דאָס וואָרט קאָמוניסטישע? פונ וועלכע קלאנגענ באשטייט דער ערשטער טראָפּ? דער צווייטער? דער דריטער? דער פערטער? דער פינפטער?

# 7. קלאַנג און אָס

קום

**אופגאַבע 73.** וויפל קלאַנגען איז דאָ? וויפל אויסיעס איז דאָ אנגעשריבן?

| |
|---|
| מע רעדט און מע הערט קלאַנגען. |
| מע זעט און מע שרײַבט אויסיעס. |

| |
|---|
| אַ קלאַנג און אַן אָס זײַ- |
| נען צוויי באַזונדערע זאַכן. |

דער לערער האָט אַרויסגערופן מישען צום טאָוול און האָט אים געהייסן אָנשרײַבן: **שער.**

מישע האָט אָנגעשריבן: שער

דער לערער האָט אַרויסגערעדט דרײַ קלאַנגען און מישע האָט אָנגעשריבן דרײַ אויסיעס.

וועלכע אויסיעס זײַנען פֿאַראַן?

א אָ ב ג ד ה ו וי וו ז זש ט טש י יי ײַ כ ל מ נ ס ע פּ פֿ צ ק ר ש

ווי הייסן די אויסיעס?

| |
|---|
| אַ אָ בע גע דע האַ או אוי ווע זע זשע טע טשע יוד |
| איי אײַ כאַ על עמ ען עס ע פּע עף צע קאַ ער שאַ |

| |
|---|
| ווען די אויסיעס זײַנען אויסגעשטעלט קעסיי- |
| דער, איז עס **אַלפֿאַבעט** אָדער **אַלעפֿבייז** |

**אופגאבע 74.** איבערשרײַבן דעם אלפאבעט און בא יעדן אָס שרײַבן זײַן נאָמען אזוי:

א  א
אָ  אָ
ב  בע
. . . . . . .

**אופגאבע 75.** פון וועלכע אויסיִעס באשטייט דאָס וואָרט שול? לערנען? פּראָלעטאַריאַט? קאָאָפּעראַטיוו?

**אופגאבע 76.** פון וועלכע אויסיִעס באשטייט דאָס וואָרט באַק? באָק? און וואָס איז דאָ דער אונטערשייד?

**אופגאבע 77.** איבערשרײַבן די ווײַטערדיקע זאצן, נאָר פאריכטן די גרײַזן:

מײַנ ברודער דארף פארן אינ דארף.
פארנ פארנ וויל איכ אימ נאָכ זענ.
הײַנט איז קאלט, ווארעמ די זונ ווארעמט ניט.

## ווער איז עס?

די אָרעמע האָט ער געדריקט, פארפירט,
ער האלט פונ גאָט, איז א פרומאק.
דער ערגסטער סוינע דעם קאָלווירט.
טרעפט, ווער איז עס? דער...

**אופגאבע 78.** איבערשרײַבן און דערשרײַבן דאָס פארפעלטע וואָרט.

**אופגאבע 79.** פון וועלכע אויסיִעס באשטייט דאָס וואָרט לייב? לײַב? און וואָס איז דאָ דער אונטערשייד?

**אופגאבע 80.** איבערשרײַבן די ווײַטערדיקע זאצן, נאָר פאריכטן די גרײַזן:

ראָכעלע ווייסט נאָכ ניט, וואָס איז ווייס און וואָס איז שווארצ.
מע דארפ ברענגענ א זייער און דורכזייענ די מילכ.
א בלינדער — ער זעט ניט די ליכטיקע שיינ.

איינס, צוויי, דריַי, פיר, פינף, זעקס, זיבן, אכט, נייַן, צען, עלף, צוועלף, דרייַצן.

**אופגאבע** 81. ארויסשרייַבן פריער די ווערטער מיט ײ, דערנאָך מיט ײַ.

**אופגאבע** 82. פון וועלכע אויסיעס באשטייט דאָס וואָרט פאס? פאָס? אין וואָס איז דאָ דער אונטערשייד?

**אופגאבע** 83. איבערשרייַבן די וויַטערדיקע זאצן, נאָך פאַריכטן די גרייַזן:

טרעפ, וויפל טרעפ איז אין דעם מויער.
דער הייַנטיקער פראָסט איז פראָסט א שרעק.
נעם דעם אייַזן און פרעס.

## אין קלוב

דער קלוב איז געווען אופגעראמט, צוגעקליבן. די שפיגלען האָבן געלויכטן. אף די ווענט זייַנען געהאנגען לענינס און סטאַלינס פאָרטרעטן. אומעטום האָבן זיך געזען רויטע לאָזונגען. עס האָבן געברענט א סאך עלעקטרישע לעמפלעך אין רויטן פאַרוויקלט. אלע זייַנען געווען יאָנטעוודיק אויסגעפוצט. די פענצטער האָבן פאר פרייד געלויכטן.

דער פרעזידיום איז געווען א גרויסער. דאָרט זייַנען געווען אי אלטע ארבעטער אי יונגע מיידלעך אי פיאָנערן.

**אופגאבע** 84. איבערשרייַבן און אונטערשטרייַכן די ווערטער אף פּ.

## אף ליזשעס

א שטעקן אין דער רעכטער,
א שטעקן אין דער לינקער.
זע זשע גיכער,
זע זשע פלינקער!
א שפּאר מיטן שטעקן,
א שאר מיט די ליזשעס —
און פאָר און פלי!

**אופגאבע** 85. איבערשרייַבן און אונטערשטרייַכן די ווערטער מיט זש.

אין א גאראזש האלט מען אווטאמאבילן, אין א דרוקעריי דרוקט מען ביכער, זשורנאלן, צייטונגען. אין די בורזשואזע לענדער איז דא פאליציי און זשאנדארן.

**אופגאבע** 86. איבערשרייבן די ווערטער מיט **זש.**

בא אונדז אין קאלווירט זיינען דא א פאר געגנדז, מיר האדעווען זיי גוט און היטן זיי אפ. מיר טרייבן זיי צום טייכל, די געגנדז ציען אויס די העלדזער און טרינקען.

**אופגאבע** 87. ארויסשרייבן די ווערטער מיט **דז.**

ווינטשעווסקי איז א יידישער שרייבער. טשעכאוו איז א רוסישער שרייבער. דזשעק לאנדאן איז אן אמעריקאנישער שרייבער.

**אופגאבע** 88. איבערשרייבן און אונטערשטרייכן די ווערטער מיט **טש, דזש.**

**אופגאבע** 89. וועלכע אויסיעס זיינען אין די ווערטער: דאנקיגעזאנג, הענגען, דענקען?

**אופגאבע** 90. וואס איז עס פאר א ווארט? צע יוד עם ע ער? בע ער ע ען גע ע ען?



הינט



הונט

**אופגאבע** 91. וועלכע אויסיעס דארף מען דא איבערבייטן?



495—4

**אופגאבע 92.** צוטראכטן אליין אזעלכע ביישפּילן און צושרייבן.



טישן טיש

**אופגאבע 93.** וואָסער אָס איז אונטערן ערשטן בילד איבע-
ריק? וואָס פעלט אונטערן צווייטן בילד?

**אופגאבע 94.** צוטראכטן אליין אזעלכע ביישפּילן און אָנשרייבן.



צ — ג



צ — ג



פ — ס



פ — ס



— יש



— יש

**אופגאבע 95.** וואָסערע אויסיעס פעלן אין די אונטערשריפטן?



וו. אי. לענינ



כ׳ סטאלינ

**אופגאבע** 96. וואָס איז דאָ אונטערגעשריבנ? ווי איז דאָ אָנגעשריבנ כאווער? וואָסער אָס פונ וואָרט כאווער איז דאָ אָנגעשריבנ?

**אופגאבע** 97. וואָס איז דאָ אונטערגעשריבנ? וואָס איז דאָ אָנגעשריבנ אָנשטאָט „וולאדימיר איליִטש"?

**אופגאבע** 98. אָנשרײַבנ דאָס ערשטע אָס פונ אײַער נאָמענ אונ פונ אײַער פאמיליע.

**אופגאבע** 99. וואָסער אָס איז אינ אלפאבעט פריִער — **א** צי **אָ**?

**א** צי **ב**? **ב** צי **ה**? **ש** צי **ט**? **ו** צי **ל**?

- אקס
- אָקס
- בער
- גאס
- דאָרפ

די ווערטער זײַנענ צעשטעלט לויטנ **אלפאבעט**: פריִער א וואָרט מיט א, דערנאָכ מיט אָ, דערנאָכ מיט ב, מיט ג, מיט ד.

- אָקס
- בער
- גאס
- וואלד
- פעלד

אָט די ווערטער זײַנענ אויכ צעשטעלט לויטנ אלפאבעט.

**אופגאבע** 100. צעשטעלנ לויטנ אלפאבעט: לענינ, סטאלינ, וואָראָשילאָוו, קאלינינ, מאָלאָטאָוו.

**אופגאבע 101.** צעשטעלן לויטן אלפאבעט די ווערטער: אל-טער, ווייסער, גרינער, הייסער, קרומער, לאנגער.

**אופגאבע 102.** איבערלייענען די ווערטער: פססר, אוססר, ווססר, רספסר.

# 8. וואָקאלן און קאָנסאָנאנטן

## שווערע ווערטער

איציק און מוישל האָבן זיך פּארוועט, ווער וועט אויסטראכטן שווערערע ווערטער. מעג זײַן אפילע ווערטער, וואָס מע ווייסט ניט, וואָס דאָס איז, אבי דאָס זאָל זײַן שווער.

מאכט איציק: אעו.
מאכט מוישל: פּרט.
זאָגט איציק: אעואָ.
זאָגט מוישל: פּרטק.
מאכט איציק: אעואָי.
מאכט מוישל: פּרקכט.
זאָגט איציק: אעואָיע.
מאכט מוישל: פּרקכשט.

קיינע שווערערע האָבן זיי שוין ניט געקאָנט צוטראכטן.

**אופגאבע 103.** מיט וואָס זײַנען שווער איציקס ווערטער? און מוישלס?

פון וועלכע קלאנגען באשטייען איציקס ווערטער?
אזעלכע קלאנגען הייסן **וואָקאלן.**

**אופגאבע 104.** פון וועלכע קלאנגען באשטייען מוישלס ווער-טער?

אזעלכע קלאנגען הייסן **קאָנסאָנאנטן.**

> אז מע רעדט ארויס א וואָקאל, גייט די לופט ארויס פונעם מויל פרײַ. אז מע רעדט ארויס א קאָנסאָנאנט, גייט די לופט ארויס פונעם מויל ניט אזוי פרײַ.

**א, אָ, ו, י, ע, — וואָקאלן.**
**די קלאַנגען וי, יַי, יי באַשטייען**
**אויך פון וואָקאלן. די איבעריקע**
**קלאַנגען הייסן קאָנסאָנאנטן.**

**אופגאבע 105.** ארויסשרייבן פון אלפאבעט (אופגאבע 73) אלע קאָנסאָנאנטן (וי, יי, ײַ דארף מען ניט ארויסשרייבן).

— כעוורע! ווו איז ערגעץ לייע? זי האָט זיך מיסטאָמע פאַר-בלאָנדזשעט אין וואלד.

— לייע־ע, א-או! א-או!

די קינדער לאָזן זיך מיט געשרייען איבערן וואלד. און אָט, סטאָפּ... דאָס איז דאָך לייע.

— ווהין האָסטו זיך עס פארקליבן?

— ש... ש... ש... שטילער, שטערט ניט,—שרייַט לייע, — כ'האָב געפונען א שטעכלער, אָט איז זייַן נאָרע. אהער פארקלייַבט ער זיך אפ א גאנצן ווינטער.

נאָר קיינער הערט ניט איר שאקען. באלד האָבן אלע קינדער ארומגערינגלט די נאָרע, אלע האָבן זיך געפרייט מיטן שטעכלער.

**אופגאבע 106.** וועלכע אויסגעשריי האָבן די קינדער געהערט אין וואלד און וועלכע האָבן זיי ניט געהערט?

**אופגאבע 107.** וועלכע פון די קלאנגען **א, או, ש** קאָן מען ארויסריידן הויך און וועלכע קאָן מען ניט ארויסריידן אזוי הויך?

**אופגאבע 108.** וועלכע פון די דאָזיקע קלאנגען קאָן מען שרייַען אפ ווייַט און וועלכע ניט?

## א אָ ב ג מ ש זש ע נ ל

**אופגאבע 109.** וואָס קאָן מען שרייַען אפ ווייַט — וואָקאלן צי קאָנסאָנאנטן?

**אופגאבע 110.** איבערשרייַבן און דערשרייַבן דאָס פארפעלטע וואָרט:

. . . . קאָן מען אויסשרייַען אפ ווייַט.

**אופגאבע 111.** ווו זייַנען אין דער אופגאבע 95 פארפעלט וואָקאלן און ווו קאָנסאָנאנטן?

**אופגאבע 112.** ארויסשרײַבן די אויסגעטיילטע ווערטער:

גיט מיר אן עפל. — כ׳ האָב ניט קיין עפל. נא דיר א באר.

אַ באר, א פלוים, א קארש, אן עפל.
א לאנגער, א ברייטער, א גרויסער, אן אלטער.
א האנט, א פוס, א קאָפּ, אן אויג.

**אופגאבע 113.** באמערקן, פאר וועלכע וואָרט שטייט **א** און פאר וועלכע **אן**.

מיט וואָס הייבט זיך אָן אזא וואָרט, וואָס פאר דעם שטייט **אן**? און אזא, וואָס פאר דעם שטייט **א**?

**אופגאבע 114.** דערשרײַבן:

| | |
|---|---|
| פאר א . . . . שרײַבט זיך **אן** | וואָקאל |
| פאר א . . . . שרײַבט זיך **א** | קאָנסאָנאנט |

**אופגאבע 115.** איבערשרײַבן און שטעלן פאר יעדן וואָרט **א** אדער **אן**:

אָרט, נאָט, נאָענטער, ווײַטער, אלטער, נײַער, נייטיקער, אי־בעריקער, הייסער, קאלטער, האמער, עמער, הארץ, האלדז, אויג, אויער, מויל, צונג, אקער, טראקטער.

**אופגאבע 116.** פאריכטן די גרײַזן:

אין וואלד איז געשטאנען אן הויכער בוים.
מיר שיקן אײַך אן הארציקן גערוס.

# 9. טראפיקער ן און ל

## פון בירגערקריג

אין 1919 יאָר האָבן די ווײַסע פארכאפּט די שטאָט צאריצין. דאָס איז געווען זייער א וויכטיקער פונקט פאר דער רויטער ארמיי. האָט די פארטיי געשיקט אהין כאווער סטאלינען. ער האָט אזוי אָרגאניזירט די ארבעט, אז די ווײַסע האָט מען צע־קלאפּט. איצט הייסט צאריצין אפ סטאלינס נאָמען — סטאלינגראד. דערנאָך זײַנען די רויטע שנעל אוועק צו וואָראָנעזש. אין שפּיץ פון רײַטער־קאָרפּוס איז געשטאנען בודיאָני און אין שפּיץ פון דער צווייטער ארמיי — קלים וואָראָשילאָוו. די רויטע ארמיי האָט געזיגט.

**אופגאבע 117.** איבערשרײַבן.

**אופגאבע 118.** דאָס איז געווען זייער א וויכטיקער פּונקט.

וויפל טראפּנ איז אינ די ווערטער? וויפל וואָקאלנ איז דאָ? וויפל וואָקאלנ איז אינ יעדנ טראָפּ?

**אופגאבע 119.** ער האָט גוט אָרגאניזירט די ארבעט.

וויפל טראפּנ איז דאָ? וויפל וואָקאלנ? וויפל וואָקאלנ איז אינ יעדנ טראָפּ?

**אופגאבע 120.** די ווײַסע האָט מענ צעקלאַפּט.

וויפל וואָקאלנ איז דאָ אינ ערשטנ טראָפּ? אינ צווייטנ? אונ אזוי ווײַטער.

עס קומט אויס, אז אינ יעדנ טראפּ איז דאָ א וואָקאל. אָבער דאָס איז ניט שטענדיק אזוי.

שטייט אוֹף, איר אלע, ווער ווי שקלאפנ
אינ הונגער לעבנ מוז, אינ נויט.
דער גײַסט—ער קאָכט, ער רופט צום וואפנ,
אינ שלאכט אונדז פירנ איז ער גרייט.

**אופגאבע 121.** זיכ צוהערנ, ווי דער לערער לייענט די ליד.

וויפל טראפּנ איז אינ דער ערשטער שורע? אינ דער צווייטער? דריטער? פערטער?

וויפל וואָקאלנ איז אינ דער ערשטער שורע? אינ דער צווייטער? דריטער? פערטער?

**אופגאבע 122.** וויפל טראפּנ איז אינ וואָרט שקלאפנ?

שקלא — פנ.

וויפל וואָקאלנ איז אינ וואָרט שקלאפנ? וועלכער טראפּ איז אָנ א וואָקאל?

וויפל טראפּנ איז אינ וואָרט וואפנ?

וואַ — פנ.

**אופגאבע 123.** וויפל וואָקאלנ איז אינ וואָרט וואפנ? וועלכער טראפּ איז אָנ א וואָקאל?

**אופגאבע 124.** וויפל טראפּנ אונ וויפל וואָקאלנ איז אינ וואָרט לעבנ? פירנ? וועלכע טראפּנ זײַנענ אָנ וואָקאלנ?

**אופגאבע 125.** לייענענ נאָכאמאָל די דערציילונג „פונ בירגער-קריג“ (זײַט 54) אונ אָנווײַזנ די ווערטער, ווו ס'איז פאראנ טראפּנ אָנ וואָקאלנ. זיכ צוהערנ, ווי לייענט זיכ 1919.

**אופגאבע** 126. לייענען די דאָזיקע ווערטער און באמערקן, וויפל טראַפן איז אין יעדן וואָרט און וועלכער טראַף איז אָן א וואָ-קאַל:

**ביַיטשן, הייווז, ווארפן, לאָמפּן, מאָלן, עסן,**
**קאלכג, קאָרן, ריידן.**

**אופגאבע** 127. איבערשרײַבן די דאָזיקע ווערטער און מאכן נאָך יעדן טראַף א שטריך:

**עלטערן, פּויערים, זינגערן, לערערן, געזעסן,**
**פּארלירן, פּארלאָרן.**

**אופגאבע** 128. לייענען די דאָזיקע ווערטער און באמערקן, וויפל טראַפן איז אין יעדן וואָרט און וועלכער טראַף איז אָן א וואָ-קאַל:

**אקסל, היטל, לעמפּל, טײַכל, פויגל, פליגל, ציגל, מיידל.**

**אופגאבע** 129. איבערשרײַבן און מאכן נאָך יעדן טראַף א שטריך:

**ברודערל, שוועסטערל, פינגערל, פּאַפּירל.**

| |
|---|
| **אין א טראַף אָן א וואָקאל איז פאַראַן א נ אָדער א ל. אזא נ אָדער ל הייסט טראַפיקער נ אָדער טראַפיקער ל.** |

**אופגאבע** 130. צוטראַכטן עטלעכע ווערטער מיט טראַפיקן „נ" און מיט טראַפיקן „ל".

**אופגאבע** 131. וויפל טראַפן איז אין וואָרט רינגען? וויפל וואָקאלן? צי איז דאָ פאַראַן א טראַפיקער נ?

| |
|---|
| **אויב פארן נ אָדער ל שטייט א וואָ-קאל איז דער נ אָדער ל ניט קיין טראַפיקער.** |

**אויפגאבע** 132. איבערשרײַבן די ווערטער אין צוויי רובריקעס: מיט א טראפּיקן נ צום סאָף און מיט אן אומטראפּיקן נ צום סאָף.

אָוונטן, אידייען, אָקסן, אויגן, בלומען, ברעכן, גאסן.
געגנטן, געזונגען, געשפּאָלטן, גרענעצן, העפטן, ווינקען.
זינגען, יאָמערן, לאָמפּן, נייען, פּיקן, פויגלען.
צווײַגן, קאלכן, קריגן, קרייען, שולן, שרײַען.

**אויפגאבע** 133. וויפל טראפן איז אין וואָרט <u>שליטן</u>? ארויסריידן דעם צווייטן טראפ. וואָס פאר א נ איז דאָ?

**אויפגאבע** 134. וויפל טראפן איז אין וואָרט <u>שליטנס</u>? ארויסריידן דעם צווייטן טראפ. וואָס פאר א נ איז דאָ?

אָט דאָס מיידל לערנט אין אונדזער שול און דעם מיידלס ברודער לערנט אין דער זעכצנטער שול.

| | |
|---|---|
| מיידל | מיי־דל |
| מיידלס | מיי־דלס |

**אויפגאבע** 135. געפינען די טראפּיקע נ און ל אין די ווערטער:

באם הויז איז א גערטנדל.
עס שווימט א וואָלקנדל איבערן הימל.
עס קאפּעט א רעגנדל.
איך האָב געזען פארנאכט א פינקלדיקן שטערן.

**אויפגאבע** 136. וויפל טראפן איז אין די ווערטער: גערטנדל, וואָלקנדל, רעגנדל, פינקלדיקן, געטריקנטן?

וואָקזאל — וואָקזאלן
פאבריק — פאבריקן
זאוואָד — זאוואָדן

**אויפגאבע** 137. וויפל טראפן איז אין די ווערטער רעכטס? אין די ווערטער לינקס? ווו זײַנען דאָ טראפּיקע נ?

טראמוויי — טראמווייען
בעקערײַ — בעקערײַען
דרוקערײַ — דרוקערײַען

**אויפגאבע** 138. צי זײַנען דאָ פאראן טראפּיקע נ?

**אויפגאבע 139.** דערשרײַבן:

איין מענטש — צוויי מענטשן
איין אָקס — צוויי....
איין בער — צוויי....
איין טיר — צוויי....
איין הויף — צוויי....
איין קראָם — צוויי....
איין טײַך — צוויי....
איין יאם — צוויי....
איין בלום — צוויי....
איין קלאנג — צוויי....

## דער סאָצגעוועט

מיר האָבן ארויסגערופן אפ א סאָצגעוועט די ערשטע גרופע. מיר האָבן צונויפגעשטעלט אן ארויסרוף:

מיר, די צווייטע גרופע, רופן ארויס אפ א סאָצגעוועט די ערשטע גרופע. מיר דארפן אויספילן אָט די פונקטן:

1) ניט פארשפעטיקן און ניט דורכלאָזן קיין לימודים.
2) אויספילן אלע פארגעבונגען.
3) גוט אויספילן די דעזשורסטוועס.
4) ניט טומלען אין קלאס.
5) זײַן ריין.

**אויפגאבע 140.** איבערשרײַבן דעם סאָצגעוועט און אונטערשטרײַכן די ווערטער מיט טראפיקן **ב**.

**אויפגאבע 141.** דערשרײַבן:

איך רוף ארויס — מיר רופן ארויס
איך שטעל צונויף — מיר . . . . .
איך פיל אויס — מיר . . . . .
איך טומל ניט — מיר . . . . .
איך טאנץ — מיר . . . . .
איך שפאציר — מיר . . . . .
איך גיי — מיר . . . . .
איך פאל — מיר . . . . .

איך שטיי אוף — מיר . . . . . .
איך קום — מיר . . . . . .
איך זינג — מיר זינגען
איך שפּרינג — מיר . . . . . .

באמערקן, ווו האָט איר צוגעשריבן א טראפּיקן **ן** און ווו און **ע** מיט א **ן**.

## מײַן קאַץ

**איך גיי צו צו דער קאַץ און הייב זיך אָן מיט איר אונטערצושפּילן. סטוי, סלוזש! — זאָג איך צו איר און שענק איר אַלעמאָל א שנעל אין נעזל אַרײַן. פאַרמאַכט זי די אויגן און דרייט אויס דאָס קעפּל, שטעלט אַרויס דאָס צינגל און מאַכט א מאָדנע פּענעמל, ווי איינער רעדט: וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר דאָס דאָזיקע באָכערל? וואָס וויל ער האָבן פון מײַן לעבן? מיך פאַרדריסט די מײַסע: א קאַץ זאָל זײַן אזא אקשנטע! און איך מוטשע זיך מיט איר אזוי לאַנג, ביז זי דערלאַנגט מיר א קרעל מיט אירע שאַרפע נעגל איבער דער האַנט, און איך לאָז אַרויס א מוירעדיקן קוויטש: „אוי, מאַמע!“ קומען צו לויפן די מאַמע און די שוועסטער מיט א געפּילדער און איך באַקום א רעכטן פּסאַק פון זיי ביידע, איך זאָל דאָס אַנדערע מאָל וויסן, וויאַזוי צו שפּילן זיך מיט קעץ (סאַכאַקל איין קאַץ, הייסט בא זיי קעץ!).**

נאָז — נעזל
קאָפּ — קעפּל
צונג — צינגל

**אויפגאַבע** 142. וויפל טראַפּן איז אין די ווערטער רעכטס? לינקס? וואָס פאַר אן **ל** איז דאָ?

**אויפגאַבע** 143. דערשרײַבן:

קאַץ — קעצל, מויז — , הונט — , האָן — ,
הון — , פערד — , שטאָט — , דאָרף — ,
גאַס — , שטוב — .

**אויפגאַבע** 144. איבערשרײַבן די דערציילונג „מײַן קאַץ“ און אונטערשטרײַכן די ווערטער מיט טראַפּיקן **ל**.

איך זיץ ניט ליידיק אין דער היים:
האָב איך צײַט נאָר — נעם איך ליים,

קלעפּ אַ פּײַגעלע מיר אויס,
מאַך אַ מײַזל ניט קיין גרויס.
פון מײַזעלע, ניט לאַנג געטראַכט,
ווערט אַ ציגעלע געמאַכט.
איך מאַך אַ מענטשעלע דערפון,
און וואָס איך וויל! און אַף דער זון
טריקן איך מײַן אַרבעט אויס.

**אויפגאַבע** 145. איבערשרײַבן און אונטערשטרײַכן די ווערטער מיט טראַפיקע **נ, ל.**

## דאָס האָראָדאָקער ייִנגל

באַ אונדז אין שול איז געווען איינער אַ שילער, וואָס אַלע פלעגן פון אים לאַכן. וואָס איז די מײַסע? ער האָט גערעדט מאָדנע. ער פלעגט זאָגן: מע דאַרף עסון מיט אַ לעפול. אָדער ער פלעגט זאָגן: דו האָסט ניט קיין סייכול. דער לערער האָט אים געפרעגט, פונוואַנען איז ער. זאָגט ער: פון האָראָדאָק. דער לערער האָט אונדז דערקלערט, אַז אין האָראָדאָק און נאָך אין אַנדערע ערטער רעדט מען אַזוי. אַז ער וועט זיך אויסלערנען, וועט ער ריידן גוט. מע דאַרף פון אים ניט לאַכן, נאָר מע דאַרף אים דערקלערן.

> מע דאַרף זאָגן עסן, שרײַבן, ניט עסון, שרײַבון; מע דאַרף זאָגן סייכל, הימל, ניט סייכול, הימול, און אַזוי ווײַטער.

דער טראַמוויַ פאָרט איבער בריקן.
פאָרזיכטיק — דאָס פערד קאָן זיך בריקען.

**אויפגאַבע** 146. וואָס איז דער אונטערשייד צווישן דעם לעצטן וואָרט פון דער ערשטער שורע און פון דער צווייטער?

אַז דו וועסט אָנשרײַבן ניט ריכטיק, וועסטו נעמען אַ מעקער און מעקן. אינאָוונט וועלן די בעהיימעס גיין פון פּאַשע אַהיים און וועלן מעקען.

**אויפגאַבע** 147. פאַרגלײַכן: מע — קן
מע — קען

עס זײַנען געקומען דרײַ געזונטע יונגען.
דער פעטער האָט גענומען אַף די הענט זײַן פּלימעניק דעם יונגן.

**אופגאבע** 148. פאַרגלײַכן: יונ — געג
יונ — גנ

## הייסע פּרישטיקן

בא אונדז אין שול האָבן מיר אײַנגעפירט הייסע פּרישטיקן. איין צימער האָבן מיר געמאַכט פאַר אַן עסצימער. מיר האָבן דאָרט אַרײַנגעשטעלט פיר טישן. בערל, דער פּאָרזיצער פון סאַנקאָם, האָט פאָרגעלייגט:
— לאָמיר זיך פאַרוועטן, וועמעס טיש וועט זײַן ריינער. אַף וועמעס טיש וועט זײַן ווייניקער אָנגעגאָסן, ווייניקער ברעקלעך.
די קינדער איז עס געפעלן געוואָרן. אַלע האָבן אויסגעשריען:
— גוט, גוט! לאָמיר זיך פאַרוועטן!

**אופגאבע** 149. איבערשרײַבן און אונטערשטרײַכן די ווערטער, וואָס ענדיקן זיך מיט וואָקאַלן.

**אופגאבע** 150. צעטיילן די ווערטער פון ערשטן זאַץ אַף טראַפן.
ווי זײַנען דאָ טראַפן אָן וואָקאַלן? וואָס פאַר אַ ־ איז אין אַזעלכע טראַפן?

# 10. הילכיקע און דומפּע קאָנסאָנאַנטן

**אופגאבע** 151. וויפל טראַפן איז אין וואָרט גאַז?
וויפל קלאַנגען איז דאָ? וועלכע וואָקאַלן, וועלכע קאָנסאָנאַנטן?
וויפל טראַפן איז אין וואָרט גאַס?
וויפל קלאַנגען איז דאָ? וועלכע וואָקאַלן, וועלכע קאָנסאָנאַנטן?

**גאַזזז . . .**

**גאַססס . . .**

באַמערקן: בא וועלכן וואָרט ווערט דער לעצטער קלאַנג אַרויסגערעדט מיט אַ קאָל און בא וועלכן אָן אַ קאָל? בא וועלכן וואָרט ווערט דער לעצטער קלאַנג אַרויסגערעדט הילכיקער און בא וועלכן פאַרטעמפּט, דומפּ?

| |
|---|
| ז ווערט ארויסגערעדט מיט א קאָל, הילכיקער. |
| ס ווערט ארויסגערעדט אָן א קאָל, דומפּער. |

**אופגאבע 152.** ארויסריידן: זײַ, סײַ.

ארויסריידן: זזזײַ

ססססײַ

אין וועלכן וואָרט איז דער ערשטער קלאנג א הילכיקער און אין וועלכן א דומפּער?

**אופגאבע 153.** פארגלײַכן די ווערטער:

ווײַז — ווײַס
ווײַזער — ווײַסער
ווײַזן — ווײַסן
א רײַז— ארויס

ווו איז א הילכיקער קלאנג און ווו איז א דומפּער?

**אופגאבע 154.** פארגלײַכן די ווערטער: ווײַל — פײַל

ווו איז אין אנהייב א דומפּער קלאנג און ווו א הילכיקער?

**אופגאבע 155.** פארגלײַכן: רופן—רוון, וועלט—פעלט, וויל—פיל.

| |
|---|
| וו ווערט ארויסגערעדט מיט א קאָל, הילכיקער. |
| פ ווערט ארויסגערעדט אָן א קאָל, דומפּער. |

| | | |
|---|---|---|
| פויער — בויער | דו — טו | קאס — גאס |
| האָפּ — האָב | מיד — מיט | זאָק — זאָג |

| |
|---|
| ב, ג, ד ווערן ארויסגערעדט מיט א קאָל, הילכיקער. |
| פּ, ק, ט ווערן ארויסגערעדט אָן א קאָל, דומפּער. |

פאראַן דומפּע קאָנסאָנאַנטן און הילכיקע קאָנסאָנאַנטן.

| | |
|---|---|
| הילכיקע | ב וו ד ז ג |
| דומפּע | פּ פ ט ס ק |

וועגן די איבעריקע קאָנסאָנאַנטן וועט דערציילט ווערן שפּעטער.

**אויפגאַבע 156.** צוטראַכטן עטלעכע ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ הילכיקן קאָנסאָנאַנט, אַרויסריידן זיי און באַמערקן, צי דער קאָנסאָנאַנט איז טאַקע אַ הילכיקער. דערנאָך דאָס אייגענע מיט דומפּע.

דאָרט שטייט אַ הויז
עס איז זייער גרויס

**אויפגאַבע 157.** פאַרגלײַכן די אויסגעטיילטע ווערטער, צי איז דאָ דער לעצטער קלאַנג דער זעלביקער צי נייַן?

ס׳קומען אָן די נײַע טעג!
אַלטע, גייט אַוועק!

**אויפגאַבע 158.** פאַרגלײַכן די אויסגעטיילטע ווערטער.

איבער פעלדער איז געגאַנגען אַ געראָדער
האָבן ווײַטן געבליצט און געשאַלט:

זײַנען שטילער געוואָרן די לידער,
איז שטילער געוואָרן דער וואַלד.

**אויפגאַבע 159.** פאַרגלײַכן די אויסגעטיילטע ווערטער.

כערל שרײַבט אַ בריוו.
איבערן טײַך שווימט אַ שיף.

**אויפגאַבע 160.** פאַרגלײַכן די אויסגעטיילטע ווערטער.

ער זינקט אין בלאָטע.
ער זינגט אַ ליד.

**אויפגאַבע 161.** ווי ווערן אַרויסגערעדט די אויסגעטיילטע ווערטער? וואָס פאַר אַן אונטערשייד איז דאָ? צי קאָן מען דערקענען, ווען עמעצער רעדט אַרויס דאָס וואָרט, צי ער מיינט זינגען צי זינקען?

| | |
|---|---|
| זינקט<br>זינגט | שרײַבט זיך פאַרשיידן, אָבער רעדט זיך אַרויס אַלצײַנס |

ער <u>וווייזט</u> די וואַנט.

ער <u>ווײַסט</u> די וואַנט.

**אופגאבע** 162. ווי קאָן מען ווײַזן די וואנט? ווי קאָן מען ווײַסן די וואנט?

| | |
|---|---|
| ווײַזט | שרײַבט זיך פֿאַרשיידן, אָבער |
| ווײַסט | רעדט זיך ארויס אלצײנס. |

בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אָפּ די שויבן דער פראָסט.
און אין קוימען דער ווינט אזוי ווײנענדיק בלאָזט.

**אופגאבע** 163. פאַרגלײַכן די לעצטע ווערטער פון ביידע שורעס.

**אופגאבע** 164. פאַריכטן די גרײַזן:

דו זינקסט א ליד. דו זינקסט אין בלאָטע.
דער עלטערער ברודער וועקט מיך אוף.
דער האמער וועקט דרײַ קילאָ.

| |
|---|
| ער **זינגט** און ער **זינקט** רעדט זיך ארויס אלצײנס. |
| אז מע וויל וויסן ווי צו שרײַבן, דאַרף מען באטראַכטן, |
| וואָס באַטײַט עס: זינקען צי זינגען. |

**אופגאבע** 165. איבערשרײַבן און דערשרײַבן די פאַרפעלטע ווערטער

ער <u>וועגט</u> און ער <u>וועקט</u> רעדט זיך ארויס אלצײנס. אז מע וויל וויסן ווי צו שרײַבן, דאַרף מען באטראַכטן, וואָס באַטײַט עס: . . . . . צי . . . . . .

**אופגאבע** 166. דערשרײַבן:

| איך לעב | איך קלעפּ | איך וועג | איך שטעפּ | איך שעפּ |
|---|---|---|---|---|
| דו | דו | דו | דו | דו |
| ער | ער | ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר | מיר | מיר |

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך רײַב | איך טרײַב | איך שרײַב | איך בלײַב |
| דו | דו | דו | דו |
| ער | ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר | מיר |

| | | |
|---|---|---|
| איך קלײַב | איך זיפּ | איך כאַפּ |
| דו | דו | דו |
| ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר |

| | | |
|---|---|---|
| איך קלאַפּ | איך גראָב | איך שאָב |
| דו | דו | דו |
| ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר |

| | | |
|---|---|---|
| איך הייב | איך גלייב | איך פארב |
| דו | דו | דו |
| ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר |

**אויפגאַבע 167.** דערשרײַבן:

איך לעב — איך האָב געלעבט
איך קלעפּ —
איך וועג —
איך שעפּ —
איך זיפּ —
איך כאַפּ —
איך פאַרב —

**אויפגאַבע 168.** זיך דערמאָנען וועגן הילכיקע און דומפּע קאָנסאָנאַנטן. וואָס איז דער אונטערשייד צווישן **ב** און **פּ**?

ווען פאַר א דומפּן קאָנסאָנאַנט שטייט א הילכיקער קאָנסאָנאַנט, ווערט ער ארויסגערעדט ווי א דומפּער.

ווען פאַר **ט** שטייט **ב**, ווערט דער **ב** ארויסגערעדט **פּ**.
<u>לעבט</u> ווערט ארויסגערעדט פונקט ווי <u>לעפּט</u>.

ווי זשע ווייסט מען ווי צו שרײַבן? (זיך דערמאָנען די אויפגאַבע 164).



495—5

**אופגאבע 169.** דערשרײַבן.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| איך פרעג | איך זעג | איך לעק | איך וועק | איך וועג |
| דו | דו | דו | דו | דו |
| ער | ער | ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר | מיר | מיר |

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך טראָג | איך יאָג | איך בראָק | איך שלאָג |
| דו | דו | דו | דו |
| ער | ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר | מיר |

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך באַק | איך בייג | איך שענק | איך דאַנק |
| דו | דו | דו | דו |
| ער | ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר | מיר |

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך קלינג | איך טרינק | איך זינק | איך מעלק |
| דו | דו | דו | דו |
| ער | ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר | מיר |

**אופגאבע 170.** דערשרײַבן:

מיר פרעגן, מיר האָבן געפרעגט
מיר זעגן —
מיר וועקן —
מיר יאָגן —
מיר בראָקן —
מיר קלאָגן —
מיר מעגן —
מיר וועקן —

**אופגאבע 171.** פאַרוואָס דאַרף מען שרײַבן
עס טאָגט? (מיט ג).

## דער ווינטער

דורך טאָל און וועלדער יאָגט ער,
געהויקערט צו דער ערד.

מיט זיך אַ בעזעם טראָגט ער,
און קערט און קערט און קערט.

**אופגאַבע** 172. דערקלערן די אויסגעטיילטע ווערטער.

**אופגאַבע** 173. וואָס פאַר אַ קאָנסאָנאַנט איז ג — אַ הילכי-קער צי אַ דומפּער?
װעלכער איז דער דומפּער קאָנסאָנאַנט קעגן ג?
וואָס פאַר אַ קאָנסאָנאַנט איז פּ — אַ הילכיקער צי אַ דומפּער?
װעלכער איז דער הילכיקער קאָנסאָנאַנט קעגן פּ?

**אופגאַבע** 174. דערשרײַבן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך שלאָף | איך לויף | איך פרוּו | איך רוף |
| דו | דו | דו | דו |
| ער | ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר | מיר |

**אופגאַבע** 175. דערשרײַבן:

איך האָב געפּרוּווט
דו — —
ער — —
מיר — —
איר — —
זיי — —

**אופגאַבע** 176. דערשרײַבן:

| | | |
|---|---|---|
| איך רײַס | איך שפּרײַז | איך ווײַז |
| ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר |
| איך ווײַס | איך בלאָז | איך לאָז |
| ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר |

**אופגאַבע** 177. דערמאָנען זיך בײַשפּילן, ווען פאַר ט שטייט ב, ג, וו, ז. ווי ווערן זיי אַרויסגערעדט?
איך לײַד, ער לײַדט, מיר לײַדן.

**אופגאַבע** 178. װעלכע ווערטער שרײַבן זיך דאָ אַנדערש, ווי זיי ווערן אַרויסגערעדט.

**אופגאבע 179.** דערשרײַבן:

| | | |
|---|---|---|
| איך צינד | איך באָד זיך | איך פאַרבינד |
| ער | ער | ער |
| מיר | מיר | מיר |

| | |
|---|---|
| איך מײַד אויס | איך רייד |
| ער | ער |
| מיר | מיר |

**אופגאבע 180.** דערשרײַבן:

ער האָט געענומענ הײדנ און ער. . . . . די גאנצע צײַט. דער סאמאָוואר האָט שוינ אָנגעהויבנ זידנ, ער . . . . שוינ. דער טאטע האָט אימ געהײַסנ אָנצינדנ א שוועבעלע. אָט . . . . ער באלד אָנ.

דער ברודער האָט זיך ליב באָדנ. זומער . . . . ער זיך אלע טאָג.

**אופגאבע 181.** דערשרײַבן:

א שענערער — דער שענסטער     א טיפערער — דער . . . .
א גרעבערער — דער . . . .     א העכערער — דער . . . .
א קליגערער — דער . . . .     אנ ערגערער — דער . . . .
א לענגערער — דער . . . .

**אופגאבע 182.** דערשרײַבן:

ער לערנט זיך — ער האָט זיך געלערנט
ער פּרוּווט זיך —
ער שטעלט זיך —
ער זעצט זיך —
ער לייגט זיך —
ער וואשט זיך —
ער קעמט זיך —
ער היט זיך —

**אופגאבע 183.** אופשטעלנ 5 זאצנ מיט די ווערטער האָט זיך.

ווי ווערט ארויסגערעדט האָט זיך און ווי שרײַבט זיך עס?

# 11. מע רעדט פאַרשיידן, מע שרײַבט אַלצײנס

**ה**

## אין שלאָסער־ווארשטאט

הײַנט זײַנען מיר געווען אין שלאָסער־ווארשטאט. מיר האָבן געזען, ווי די שילער ארבעטן מיט העקלעך און העמערלעך. אף דער ערד האָט זיך געוואלגערט אָפפאל פון אײַזן, בלעך און האָלץ. געארבעט האָבן דרײַ בריגאַדעס. אין יעדער בריגאַדע איז צו עלף שילער. אז איינער ווייסט ניט ווי צו ארבעטן, העלפט אים דער אנדערער. אין דעם ווארשטאט איז ראַשיק אז עמעצער וויל עפּעס זאָגן, דארף ער הויך שרײַען, אנדערש הערט מען ניט. די בעסטע ארבעטער אין ווארשטאט זײַנען עליע, עטל און עטע.

מיר זײַנען דאָרטן געווען א האלבע שאָ און זײַנען אוועק דערנאָך אהיים.

**אופגאבע** 184. איבערשרײַבן און אונטערשטרײַכן אלע ווערטער מיט ה.

**אופגאבע** 185. איבערשרײַבן די זאצן און דערשרײַבן די נייטיקע ווערטער פון לינקס:

| | |
|---|---|
| איך . . . אין האנט א האמער | אַלט |
| דער זיידע איז שוין . . . 80 יאָר | האַלט |
| איך . . . דעם ברודער מאכן די אופגאבע | עלף |
| ער ווייסט ניט, וויפל איז נײַן מיט . . . | העלף |
| דער ברודער . . . א נײַ העפט | אָט |
| . . . ליגט עס אפן טיש | האָט |
| איך . . . וואָס ער רעדט | הער |
| איך רייד און . . . הערט | ער |

| | |
|---|---|
| ווען איך קום אין שול, . . . איך אליין אופ מײַן מאַנטל | ענג |
| אפן יאָנטעוו זײַנען געווען א סאך געסט, ע ז איז געווען... | הענג |

| | |
|---|---|
| א פערד עסט . . . | איי |
| א הון לייגט אן . . . | היי |
| דער בוים איז . . . | אויך |
| דער מויער איז . . . הויך | הויך |

דער וואלד איז הויך און ברויגעזדיק און אלט
און ליגט אין מאך אין רויקייט באהאלטן.
מיר זיינען וואלד־העקער און שליידערן דעם וואלד
און האקן אונטערביימער און צעשפאלטן.

**אופגאבע 186.** איבערשרייבן און אונטערשטרייכן די ווער־טער, וואס הייבן זיך אן מיט **ה** — מיט איין שטריך, און די, וואס הייבן זיך אן מיט א וואקאל — מיט צוויי שטריכן.

## ווי האט געלעבט אמאל דער ארעמער פויער

זומער געהארעוועט ווינטער געליטן
ביטער אין פעלד, הונגער און קעלט.

**אופגאבע 187.** איבערשרייבן און אונטערשטרייכן די ווערטער, ווו ס׳איז פאראן א **ה**.

עס ארבעטן הונדערטער, הונדערטער הענט.
הער נאר, ווי ער שרייט.
אפט איז די טיר פון קארידאר אפן.
א דאקטער היילט קראנקע.

**אופגאבע 188.** ארויסשרייבן די ווערטער מיט **ה** רעכטס און די ווערטער, וואס הייבן זיך אן מיט א וואקאל — לינקס.

מיר קלייבן אוטיל. מיר האבן צונויפגעקליבן אייזן, אלטע עמערס, העק, האמערס און נאך אנדערע זאכן. אלטע צייטונגען און אויסגעשריבענע העפטן קלייבן מיר אויך. מיר האבן שוין אופגעקליבן הונדערט העפטן. אייניקע יאטן האבן געבראכט צעריסענע הענטשקעס, עטלעכע האבן געבראכט אלטע הויזן. מיר וועלן אנקלייבן אוטיל מער, איידער מיר האבן אנגעמערקט.

**אופגאבע 189.** איבערשרייבן. ארויסשרייבן רעכטס די ווער־טער מיט **ה** און לינקס די ווערטער, וואס הייבן זיך אן מיט א וואקאל.

> אייניקע זאגן אונדערט,
> אבער עס דארף זיין **הונדערט**.
> מע דארף ניט פארפעלן דעם ה.

**אופגאבע 190.** אנשרייבן אויסווייניק 5 ווערטער, וואס הייבן זיך אן מיט **ה**, און 5 ווערטער, וואס הייבן זיך אן מיט וואקאלן.

ױ—ײ

# אין קאָלווירט

באַ אונדז אין קאָלווירט איז פאַראַנ א זעקס צענדליק כאַזײרים. אַזעלכע גרויסע, גראָבע. זיי זײַנען אין א גרויסער, ווארעמער שטאַל. זיי האָבנ זיך אַזוי פיל אויסגעצויגנ אפנ ריי-נעם אונטערבעט פונ שטרוי.

באַ איינ כאַזערטע זײַנען געבוירנ געוואָרנ צענ כאַזײרימ-לעך: זיי זײַנען אַזעלכע שײנינקע, ראָזינקע. זיי זויגנ נאָכ.

די בעהיימעס האָבנ אויכ גרויסע, ריינע שטאַלנ. פינפ צענ-דליק בעהיימעס שטייענ דאָ.

אונ אָט איז אנ אָקס. אַזא גרויסער, א בייזער. אונ רופנ רופט מענ אים גאָר „וואָראָביי". נישקאָשע פונ א וואָראָביי!

**אופגאַבע** 191. אַרויסשרײַבנ רעכטס די ווערטער מיט ױ אונ לינקס די ווערטער מיט ײ.

מיר עסנ ברויט.
די גאַס איז ברייט.
מיר וועלנ ניט פראָווענ קיינ סיידער.
וואָס איז באַ דיר פאַר א סוידעס?
דעמ שלאָסער לוינט די אַרבעט.
דער לערער לייענט א סאַכ ביכער.

**אופגאַבע** 192. אַרויסשרײַבנ די ווערטער מיט ױ רעכטס אונ מיט ײ לינקס.

אַזוי זאָגנ זיי. אונ אַז זיי זאָגנ, איז וואָס?
פונ מעל מאַכט מענ טייג, אונ פונ טייג — ברויט.
אַז מע גיסט צופיל וואַסער, טויג ניט, קומט אַרויס שלעכטע טייג.
פונ קוימענ גייט א רויכ.
גאַזע האָט א שטאַרקנ רייעכ.
אינ אויסלאַנד לעבט דער אַרבעטער אינ דאַכקעס אונ אינ נויט. דער שנײַדער נייט דאָרט א סאַכ אונ פאַרדינט ווייניק.

**אופגאַבע** 193. איבערשרײַבנ אונ אונטערשטרײַכנ די ווער-טער מיט ױ מיט איינ שטריכ אונ מיט ײ מיט צוויי שטריכנ.

מוישל מיט עסטערנ האָבנ געפּויעלט בא דעם טאטנ, ער זאָל זיי דערלויבנ בויענ א ביַידל פאַרנ הינטל. זיי האָבנ עס אויס־געבויט לעבנ טויער.

מוישל האָט געקראָגנ אנ עגבער, אויסגעבײַערט צוויי לעכ־לעכ,— אײנס אינ סלופּ פונ טויער אונ אײנס אינ וואַנט פונ שטאַל,— האָט אריַינגעשרויפט צוויי שרויפנ אונ איבערגעצויגנ א לאַנגנ דראָט איבערנ גאַנצנ הויף.

דעם הונט האָט ער אָנגעטאָנ א קייט מיט א רינגל אונ דאָס רינגעלע אָנגעטאָנ אפנ דראָט. דער הונט קאָנ פריַי ארומלויפנ איבערנ גאַנצנ הויף. אָבער אנטלויפנ פונעם הויף קאָנ ער ניט

**אופגאַבע 194.** איבערשריַיבנ אונ אונטערשטריַיכנ די ווערטער מיט וי.

וואָס א טויבער דערהערט ניט — דערלייגט ער.

קנעט דער בעקער מעל מיט הייוונ אונ הייצט איַינ זיַינ גרויסנ אויוונ.

עסנ קינדער פרישנ ברויט, — זיַינענ זיי געזונט אונ רויט.

**אופגאַבע 195.** ארויסשריַיבנ די ווערטער מיט וי רעכטס אונ מיט יי — לינקס.

— דו קענסט אָט דאָס יינגל?

— יע, איכ קענ אים.

— ווו ווינט ער?

— ווו מע שלאָגט אים, דאָרטנ ווײנט ער.

**אופגאַבע 196.** צי איז דער ענטפער פּאַסיק צו דער פראַגע? פאַרוואָס?

**אופגאַבע 197.** אופשטעלנ זאצנ מיט די ווערטער:

איכ וויינ, דו ווײנסט, מיר האָבנ געווײנט.

איכ וויינ, דו וויינסט, מיר האָבנ געוויינט.

**אופגאבע 198.** איבערשרײַבנ און דערשרײַבנ די נייטיקע ווער-
טער פונ לינקס:

| | |
|---|---|
| דער שנײַדער . . . . . | נוריט |
| גרויס איז די . . . . . | נײַט |
| מיר טרינקענ ניט קיינ . . . וואסער | הויע |
| מיר גייענ אינ א . . . . | רײַ |
| דער וועג איז . . . . . | ברויט |
| אפנ פעלד וואקסט . . . . | ברייט |
| געזעלשאפטלעכ . . . . איז הייליק | אויגנ |
| מיר טוענ ווי די . . . . | אייגנטומ |
| ער . . . . מיכ אזוי, אז איכ פאל אזש | שטויסט |
| אונ דו . . . אונ דיכ ארט עס ניט | שטייסט |
| ניט . וועט אינ אויסלאנד הערשנ די בורזשואזיע | אויב |
| איכ וועל דיר לײַענ מײַנ בוכ, . . . דו וועסט מיר | |
| מאָרגנ אומקערנ. | אייביק |

אייניקע זאָגנ:
איכ עס ברייט. דער טיש איז ברייט.
אנדערע זאָגנ:
איכ עס ברויט. דער טיש איז ברייט.

> אָבער עס דארפ זײַנ: ברויט—וואָס מע עסט, ברייט—א מאָס.
> מע דארפ ניט שרײַבנ יי אָנשטאָט וי.

**אופגאבע 199.** אָנשרײַבנ אויסווייניק 5 ווערטער מיט וי און 5 ווערטער מיט יי אונ אופשטעלנ זאצנ מיט-אָט די וועראַטער.

| ו—י |
|---|

נעמענ פולע פורנ פאָרנ.
פורנ פאָרנ, פירנ קאָרנ
דורכ די בערג אונ דורכ די טאָלנ
אינ די מילנ עס צו מאָלנ.

**אופגאָבע 200.** פארגלײַכנ:
פורנ — פירנ. אונ — אינ

**אונטערנ דאכ שטייט א האָנ.**
**הינטערנ שטוב שטייט א שטאל.**
**די קראָפּעווע בליט אינ הארבסט.**
**דאָס פּאָנעמ איז בא אימ רויט ווי בלוט.**
**וועמענ איז נאָכ אזוי גוט ווי אימ?**
**די מאמע גיט אימ שטארק נאָכ.**
**די פּאס איז פול מיט וואסער.**
**עפּעס פּיל איכ א ווייטעק אינ פוס.**

**אופגאבע** 201. ארויסשרײַבנ די ווערטער מיט ן רעכטס אונ מיט י לינקס.

**אופגאבע** 202. דערשרײַבנ די נייטיקע ווערטער פונ לינקס:

| | |
|---|---|
| איך האָב דיך היינט א גאנצנ טאָג . . . . | געזיכט |
| אפ א פּאָנעמ זאָגט מענ אָפּטמאָל . . . | געזוכט |
| אונדזער . . . . באשטייט פונ 6 מאנ | געזונט |
| איכ בינ געווענ שטארק ניט . . . | געזינד |
| א בוכ דארפ ליגנ אפנ טיש, ניט . . . טיש | אונטערנ |
| ווי קאָנ איכ זענ, וואָס טוט זיכ . . . מיר | הינטער |
| . . . . ווױנט ער? — אינ דאָרפ | ווו |
| . . . . לעבט ער? ניט שלעכט | ווי |
| דער . . . איז פול מיט וואסער | קרוג |
| פונ . . . קומט קיינ גוטס ניט ארויס | קריג |
| דער קרוג איז . . . מיט וואסער | פול |
| אינ אונדזער קאָלווירט איז . . . אויפּעס | פּיל |
| אינ גאָרטנ האָט פארבלאָנדזשעט עפּעס א . . . | צוג |
| פונ איבערגעקערטע שטולנ האָבנ די קינדער | |
| געמאכט א . . | ציג |
| די עקסקורסיע האָבנ מיר געמאכט אינ א . . . | |
| פראָסטיקנ וועטער | שטולנ |
| פונ איבערגעקערטע . . . האָבנ די קינדער | |
| געמאכט א צוג | שטילנ |

איך און מײַן ברודער לערנען אין איין גרופּע.

**אופגאבע** 203. אופשטעלן צוויי זאצן מיט אוּן און צוויי מיט אין.

**אופגאבע** 204. דערשרײַבן, ווו מע דארף אוּן און ווו מע דארף אין.

דרײַ . . . צוויי איז פינף. שיין איז . . . פרילינג דער וואלד . . . דאָס פעלד. אלע זײַנען אוועק . . . וואלד, מישע איז געבליבן אליין. איך האָב א ברודער . . . דער רויטער ארמיי. א ייִנגעלע איז געלאָפן . . . געפאלן. ער האָט זיך אויסגעשמירט . . . זאמד.

קום צוּ מיר מאָרגן.
דו וועסט קומען צי ניין?

**אופגאבע** 205. אופשטעלן א זאץ מיט צוּ און א זאץ מיט צי.

**אופגאבע** 206. דערשרײַבן, ווו מע דארף צוּ און ווו מע דארף צי.

איך גיי . . . מײַן כאווער. איך ווייס ניט . . . וועל איך אים טרעפן. אז מע זאָל . . . דרײַ צוגעבן נאָך צוויי, וועט זײַן פינף. אזוי . . . אזוי, נאָר עס שמעקט שוין מיט מארט. בא אונדז האָט שוין געגומען א סאָף . . . די קאפּיטאליסטן. אין אויסלאנד גרייט מען זיך נאָך ערשט . . . א רעוואָליוציע. די מאמע האָט געגעבן די קינדער . . . צוויי עפּל יעדערן. איך הייב ניט אָן . . . וויסן, וואָס דו ווילסט פון מיר. ס'איז ניט קעדײַ . . . זיצן דאָ און וואָרטן.

**אופגאבע** 207. דערשרײַבן, ווו מע דארף צוּ און ווו מע דארף צי.

שוועער . . . דערקענען . . . זי זינגט . . . זי וויינט . . . זי רעדט . . . זיך אליין.

דערצייל מיר, ווו איז דײַן ברודער און ווו לעבט זיך אים.

**אופגאבע** 208. פארגלײַכן די אויסגעטײַלטע ווערטער. אופשטעלן צוויי זאצן מיט ווו און צוויי מיט ווי.

**אופגאבע 209.** דערשרײַבן, װוּ מע דאַרף **װוּ** און װוּ מע דאַרף **װי**.

דערציילן, . . . ביסטו נעכטן געווען. . . . געפינט זיך דער וואָקזאַל, ווייס איך ניט. . . . . האָסטו בעסער ליב שפּאַצירן — אין וואַלד צי באַם טײַך?

. . . שרײַבסטו, ריכטיק צי מיט גרײַזן?

ער איז גרויס . . . אַן אַרבעס.
איך ווייס שוין, . . . מע רעדט דורך אַ טעלעפאָן.

**אופגאבע 210.** דערשרײַבן **װוּ** אָדער **װי**:

הויך . . . אַ מויער
ברייט . . . אַ מויער
זיס . . . צוקער
ביטער . . . גאַל
וואָס באַטײַט עס?

## פיזקולטור

קינדער, גיך
אין אַ ראָד.
שטעלט זיך אויס
אַלע גלײַך.
הייבט די הענט
און לאָזט אַראָפּ.
שטעלט אַ פוס,
שפּאַנט פאָרויס,
שטיי!

מיט די פיס
טאָפּ-טאָפּ-טאָפּ,
מיט די הענט
קלאַפּ-קלאַפּ.
הענט און פיס
זײַנען שוין מיד,
איצט, קינדער,
רוען מיר
אָפּ.

**אופגאבע 211.** איבערשרײַבן, אונטערשטרײַכן די ווערטער מיט ן מיט איין שטריך און מיט י מיט צוויי שטריכן.

מוישע האָט איין ברודער און איין שוועסטער.

**אופגאבע 212.** וויפל ברידער האָט זײַן שוועסטער? (ענטפערן שריפטלעך).

**אופגאבע 213.** דערשרײַבן:

איין פוס — צוויי פיס. איין ברודער — . . . . . איין זון — . . . . איין קו — . . . . . איין הונט — . . . . . איין שוך — . . . . . . איין נוס — . . . . .

**אופגאבע 214.** אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער: הונ, הינער, גרוב, גריבער, שטוב, שטיבער, רוט, ריטער, צונג, צינגער, בוכ, ביכער.

**אופגאבע 215.** אופשטעלן זאצנ מיט די ווערטער: בלומ, בלומענ, שול, שולנ, ווונד, וווּנדנ, פור, פורנ.

**אופגאבע 216.** דערשרייבנ די נייטיקע ווערטער פונ לינקס:

| | |
|---|---|
| טו נאָר א שפרונג אפ איינ . . . . | פיס |
| ער האָט געכאפט די . . . . אפ די פלייצעס | פוס |
| אפ איינ פוס דארפ מענ איינ . . . . | שיכ |
| אפביידע פיס דארפ מענ א פאָר . . . . | שוכ |

עסטער זינגט לידער. נעכטנ האָט זי אויכ געזונגענ. זי וועט מאָרגנ אויכ זינגענ.

מישע שפרינגט אפ איינ פוס. נעכטנ האָט ער אויכ געשפרונגענ. ער וועט מאָרגנ אויכ שפרינגענ.

מע קלינגט צום אָנהייב לימעד. נעכטנ האָט מענ אויכ געקלונגענ. מאָרגנ וועט מענ אויכ קלינגענ.

עס רינט א ריטשקעלע. עס האָט גערונענ א ריטשקעלע. עס וועט רינענ א ריטשקעלע.

אינדערפרי טרינק איכ טיי. נעכטנ האָב איכ געטרונקענ טיי. מאָרגנ וועל איכ טרינקענ טיי.

**אופגאבע 217.** ארויסשרייבנ די אויסגעטיילטע ווערטער. פארגלייכנ זיי.

**אופגאבע 218.** דערשרייבנ:

| | | |
|---|---|---|
| איכ זינג | איכ האָב געזונגענ | איכ וועל זינגענ |
| דו טרינקסט | דו . . . . . | דו . . . . |
| ער שלינגט | ער . . . . . | ער . . . . |
| איכ צינד | איכ . . . . . | איכ . . . . |
| מיר בינדנ | מיר . . . . . | מיר . . . . |

נעכטנ בינ איכ געגאנגענ אינ גאס אונ געפונענ א רובל. מיינסט, אז דו וועסט גיינ, וועסטו אויכ געפינענ א רובל?

**אופגאבע 219.** אופשטעלנ זאצנ מיט די ווערטער:

געפונענ — געפינענ.

געוווּנענ — געווינענ.

איך האָב געפונען,
איך וועל געפינען.
איך האָב געוואונען,
איך וועל געווינען.

**אויפגאבע 220.** דערשרײַבן די נייטיקע ווערטער:

פון דאך האָט געראונען.— באלד וועט שוין פון דער סטעליע אויך... איך האָב מײַנע ביכער געפונען.— דו וועסט... דײַנע ביכער.

מאניע האָט געוואונען דעם געוועט.— איך וועל... אן אנדער געוועט. איך בין געשוואומען איבערן טײַך.— דו וועסט... גיכער פון מיר.

דער אלטער האָט געוואונקען מיטן פינגער.— ווען איך וועל... וועט ער צוגיין.

**אויפגאבע 221.** אראָפּשרײַבן:

זיי האָבן געפונען,
זיי געפינען,
זיי וועלן געפינען.

**אויפגאבע 222.** אויפשטעלן אזעלכע זאצן מיט די ווערטער: געוואונען, געווינען.

איך שפּרינג גוט, פּרוּוו אזא שפּרונג טאָן ווי איך.
איך קלינג אין גלעקל, הערסט, ס׳ארא קלונג?
איך טרינק טיי, איך וויל אָבער א קאלטן טרונק.

**אויפגאבע 223.** אויפשטעלן נאָך זאצן מיט די אויסגעטיילטע ווערטער.

## רעטעניש

פיר ברידער אונטער איין דאך
לויפן פון ברייטן שליאך,
צוויי פון הינטן, צוויי פון פאָרנט.
(שטיי ניט אפן וועג — מע טאָר ניט!)
לויפן די ברידער, לויפן און יאָגן
און קאָנען זיך קיינמאָל ניט דעריאָגן.
וואָס איז דאָס? — דאָס איז א . . .

די רעדער זײַנען אונטן.
צוויי זײַנען פֿון פֿאָרנט און צוויי פֿון הינטן.
פֿיר ברידער אונטער איין דאַך.
יענע צוויי זײַנען הינטער די צוויי.

**אויפֿגאַבע 224.** פֿאַרגלײַכן די אויסגעטיילטע ווערטער.

**אויפֿגאַבע 225.** דערשרײַבן, וווּ מע דאַרף אונטער און וווּ מע דאַרף הינטער:

מע דאַרף אונטערשטעלן דעם עמער . . . . דער רינוועג.
דער בעזעם שטייט . . . . דער שאַפֿע.
בײַ אַ פֿוילן וואַקסט דער וועג . . . . די פֿיס.
. . . . דער שטוב שטייט אַ שטאַל.

**אויפֿגאַבע 226.** אָנשרײַבן אויסווייניק 5 ווערטער מיט ן און 5 מיט י און אויפֿשטעלן זאַצן מיט די ווערטער.

ע — יי

## ברויט-זאַוואָד

מיט עטלעכע טעג צוריק זײַנען מיר געווען אינעם ברויט-זאַוואָד. מיר האָבן דאָרטן געזען, ווי מע מאַכט דאָס טייג און דאָס ברויט. לעבן דעם זאַוואָד זײַנען געשטאַנען אַ סאַך פּראַכט-אויטאָמאָבילן. די אויטאָמאָבילן, אָנגעלאָדענע מיט ברויט, האָבן זיך געלאָזן אין פֿאַרשיידענע וועגן. מיר זײַנען אַרײַן אין קלוב, וואָס באַם זאַוואָד. דאָרטן זײַנען געהאַנגען אַזעלכע לאָזונגען:

זאָל לעבן די געזעלשאַפֿטלעכע דערנערונג!
זײַט די פֿעלדער מיט די בעסטע קערנער!
וואָס גרעסער דער פֿאַרזיי־שעטעך — אַלץ מער ברויט!

**אויפֿגאַבע 227.** איבערשרײַבן די אויסגעטיילטע ווערטער אַזוי: מיט ע רעכטס און מיט יי לינקס.

## אין סטאָליער-וואַרשטאַט

דער צימער, וווּ עס געפֿינט זיך אונדזער סטאָליער־וואַרשטאַט, איז אַ גרויסער און אַ ברייטער. הײַנט האָט מען אַהין געבראַכט אַ סאַך ברעטער. פֿון צען ברעטער מאַכט דער סטאָ־

ליזער־ווארשטאט בעטן פארן קינדער־גאָרטן: איינע בעט איז שוין פארטיק. זי האָט זיך באקומען גוט און שיין. עס ארבעטן איצט די קינדער פון דער 6־טער גרופּע. דער אינסטרוקטער שטייט און גיט אָנווייזונגען. מיין ברודער ארבעט היינט ניט, אים טוען ווי די ציינער. מיט א געוויינע איז ער אוועק צום צײַן־דאָקטער. דער דאָקטער האָט אים געגעבן די ערשטע הילף און אָפּגעשיקט אהיים.

**אופגאבע** 228. איבערשרײַבן און אונטערשטרײַכן די ווערטער מיט **ע** מיט איין שטריך און **יי** מיט צוויי שטריכן.

זע, ווי זיי ארבעטן.
זעט, ווי מע זייט טווּע.
לייבן לעבן אין די ווארעמע לענדער.
איך האָב היינט פארזייט מערן.
מיין ברודער הייסט מייער.

**אופגאבע** 229. ארויסשרײַבן די ווערטער מיט **ע** רעכטס און מיט **יי** לינקס.

**אופגאבע** 230. דערשרײַבן די נייטיקע ווערטער פון לינקס:

| | |
|---|---|
| דאָס . . . איז צוגעדעקט מיט א ווײַסן לײַלעך | בעט |
| דער שניי האָט פארשאָטן די . . . | בייט |
| מישע . . . זונווײַטן דעם טראמוויי | זעט |
| דער פויער . . . אין פרילינג און אין הארבסט | זייט |
| זינט איך . . . האָב איך נאָך ניט געזען ניט קיין | לייב |
| וואָלף, ניט קיין . . . . | לעב |

**אופגאבע** 231. אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער צען, ציין, טעג, טייג, ברעט, ברייט, בעט, בייט.

**אופגאבע** 232. אנשרײַבן אויסווייניק 5 ווערטער מיט **ע** און 5 ווערטער מיט **יי** און אופשטעלן זאצן מיט אָט די ווערטער.

## ציִשקלאַנגען

### פרילינג-בילדל

אויס די פרעסט און אויס די שנייען,
אויס דיווינטערדיקע ליד.
איך זע די פרילינג-טעג, וואָס גייען,
און איך הער שוין זומערס טריט.

שטראָמען פליסן פריש און פריילעך
אין דער לענג און אין דער ברייט,
פון דעם דאָרעם פליִען פויגלעך
פריַי די פליגלען אויסגעשפּרייט.

אפּ מײַן פענצטער א גאַנצן ווינטער
ליידיק איז געווען דער נעסט,
א פאַרשאָטענער פון שנייען,
א פאַרפראָרענער פון פרעסט.

קומען ווידער מײַנע שכיינים
און זיי קלײַבן זיך אַרײַן.
שוואַלב און שוואַלביכע אינאיינעם
קלײַבן צו דעם צימער פײַן.

אויסגעבעט זיך ווייך און וואַרעם,
פוך און פעדערלעך און ווייך,
פליִען שוועלבעלעך מיט ליאַרעם,
שוועבן לוסטיק אין דער הייך.

**אויפגאַבע 233.** אַרויסשרײַבן די ווערטער מיט **ש** רעכטס און מיט **ס** לינקס. (דאָס וואָרט אויסגעשפּרייט שרײַבן אי לינקס אי רעכטס).

### דער שלייפער

שלייף, שלייפער!
שלייף, שלייפער!
האַלט דעם מעסער
בעסער, שטײַפער.
איין פוס שטייט,
איין פוס גייט,

און דער רימען
דרייט און דרייט.
שאַרפשטיין דרייט זיך,
פונקען טאַנצן
הייבט דער מעסער
אָן צו גלאַנצן.

שלייף, שלייפער,
שאָב, רײַב!
רײַב דעם מעסער
אָפּ דאָס לײַב.
שאָב דעם מעסער
אָפּ די זײַטן,

| | | |
|---|---|---|
| זאָל דער מעסער | וואָס איך וויל, | שווינ, |
| בעסער שנײַדן, | קריצן, | שיינ, |
| שניצן, | שניצן, | שאַרפ. |
| קריצן, | וואָס איך דאַרפ, | |

**אופגאַבע 234.** איבערשרײַבן און אונטערשטרײַכן די ווער-טער מיט **ש**.

**אופגאַבע 235.** איבערשרײַבן און אונטערשטרײַכן די אויס-געטיילטע ווערטער:

כאָטש עס איז נאָך קאַלט, פונדעסטוועגן זיצ איך שוינ ניט אינ שטוב.

דעמ שאָכנס קינדער האָבן זיך צעשלאָגן.
הערשל שרײַט, שלוימקע קוויטשעט.
אמאָל עס איך פלייש און אמאָל ברויט מיט נישט.
מיט א שליסל פאַרשליסט מען א טיר.
ווען עס איז ליכטיק, וואַרפט דער בוים א שאָטן.
עפשער ווייסטו, ווו דאָס איז בערשטל?

**אופגאַבע 236.** אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער:

ווישן, שטופן, שיסן, שיקן, שוסטער, שנײַדער, שטייסל, שיקער, שיטער, שײַנינקער, ווײַסינקער, זיסינקער.

**אופגאַבע 237.** אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער:

צוריק, ציבעלע, צימערינג, ציכטיק, צייכן.

**אופגאַבע 238.** אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער:

מענטשן, ווינטשן, קוויטשען, טיר, טירל, אלטינקע, גוטינ-קער, דיר.

**אופגאַבע 239.** אופשטעלן זאצן מיט די ווערטער:

זייגער, בעזעם, זויער, זיצן, זיך, סאַזשע, זשאַלעווען, זשעדנע.

**אופגאַבע 240.** איבערשרײַבן, פאַרבײַטנדיק די ציפערן אפ ווערטער:

$30 + 20 = 50$

$60 + 40 = 100$

$70 + 10 = 80$

$70 + 7 = 77$

**אופגאַבע** 241. אָנשרײַבן אַפּ אויסווייניק 5 ווערטער מיט **ש**, 5 ווערטער מיט **ס**, 3 מיט **ז**, 3 מיט **זש** און אָפּשטעלן זאַצן מיט אַט די ווערטער.

**אָ—ו**

לאָזט זיך, כעוורע, לאַנג ניט בעטן,
לאַנג ניט בעטן — צוליב וואָס?
טרייסלען ביימער, בייגן צווײַגן,
פאַלן פּרוכטן אַפּן גראָז.
מוז מען אָפּרוען אַ ביסל,
אין אַ לייג זיך אַפּן גראָז.
קוקט אַראָפּ אַ באַק פון עפּל
און פון פלויט אַ בלויע נאָז.

**אופגאַבע** 242. איבערשרײַבן, אונטערשטרײַכן די ווערטער מיט **אָ**.

מיר טראָגן הויך די **פאָן** פון רעוואָליוציע. פון יאָר צו יאָר ווערט אונדזער לאַנד פעסטער. דער שנײַדער אַרבעט מיט דער **נאָדל**. עס רינען ריטשקעלעך אָן אַ **צאָל**.

**אופגאַבע** 243. אַרויסשרײַבן די אויסגעטיילטע ווערטער און אָפּשטעלן אַנדערע זאַצן מיט די זעלביקע ווערטער.

**אופגאַבע** 244. דערשרײַבן די נייטיקע ווערטער פון לינקס:

| | |
|---|---|
| איך האָב אַ . . . און אַ מוטער | פאָטער |
| ווינטער טוט מען אָן אַ . . . | פוטער |
| מיר לערנען אין . . . | שאָל |
| איך טרינק טיי פון אַ . . . | שול |
| יעדערער פאַרנעמט זיך מיט עפּעס אַ . . . | מעלאָכע |
| אונדזער . . . איז אַ . . . פון אַרבעטנדיקע | מעלוכע |
| אַפּ אַ דעמאָנסטראַציע גייען מיר מיט אַ . . . | פאָן |
| מיר גייען שוין צוריק . . . דער דעמאָנסטראַציע | פון |
| איך בין דאָרטן און ער איז . . . | דאָ |
| און . . . ביסט גאָר ערגעץ אַנדערש | דו |
| אין גאַס איז קאַלט . . . רעגנדיק | אָן |
| עס כאַפּט מיך אויך . . . אַ ציטער | און |

לאָמיר קלײַבן אײַזן,
ביינער און פּאַפּיר.
אַלטע צײַטונגען און העפטן
דאַרפן אַלע קלײַבן.

לאָמיר העלפן בױען
זאַוואָדן אָן א שיר.
וועט מען מאַכן נײַ פּאַפּיר,
וועט זײַן אַף וואָס צו שרײַבן.

**אױפגאַבע 245.** איבערשרײַבן און אונטערשטרײַכן די ווער-טער מיט ײַ.

## רעטעניש

ווו מע שטעלט מיך, שטיי איך,
וואָס מע ווײַזט מיר, זע איך,
אַמאָל הענג איך אַף דער וואַנט.
איך בין יעדערן באַקאַנט.
מע קוקט אין מיר אַרײַן,
ווו איך זאָל ניט זײַן.
איך גלאַנץ און איך בין גלאַט,
יעדערן מאַך איך נאָך אַקוראַט.

**אױפגאַבע 246.** איבערשרײַבן, אונטערשטרײַכן די ווערטער מיט ײַ מיט איין שטריך און מיט **א** מיט צוויי שטריכן.

## רעטעניש

אָן א בײַטש און אָן א פערד,
פאָרט אין פעלד און שנײַדט די ערד,
ניט געניאָקעט, ניט געוויאָקעט,
מיט בענזין זיך אָנגעזשליאָקעט,
שלעפּט ער איבער באַרג און טאָל
פינף אַקערס מיטאַמאָל.

**אױפגאַבע 247.** איבערשרײַבן און אונטערשטרײַכן די ווער-טער מיט ײַ.

**אופגאבע** 248. דערשרײַבן:

| | | |
|---|---|---|
| איך קלײַב | איך שרײַב | איך בלײַב |
| דו... | דו... | דו... |
| ער... | ער... | ער... |
| מיר... | מיר... | מיר... |
| זיי... | זיי... | זיי... |

## אַ בריוו פון אויסלאַנד

אונדזער שול האָט באַקומען אַ בריוו פון דײַטשישע פּיאָנערן. די פּיאָנערן שרײַבן אַזוי:

„די בורזשויען לאָזן אונדז ניט פײַערן דעם ערשטן מײַ. אונדזערע טאַטעס די אַרבעטער האָבן געמאַכט דעם ערשטן מײַ אַ דעמאָנסטראַציע. איז אָנגעלאָפן די פּאָליציי, אַלעמען צעטריבן, אַ סאַך דערהאַרגעט, אַ סאַך אַרעסטירט. אָבער אונדזערע אַרבעטער וועלן פאַרטרײַבן די בורזשויען און בא אונדז וועט אויך זײַן סאָוועטנמאַכט ווי בא אײַך. זאָל לעבן דער יאָנטעוו ערשטער מײַ!

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!"

**אופגאבע** 249. אַרויסשרײַבן די ווערטער מיט ײַ.

**אופגאבע** 250. דערשרײַבן די פּאַסיקע ווערטער פון לינקס:

| | |
|---|---|
| ארנ איז . . . ניט געקומען לערנען, | הײַנט |
| עס רײַסט אים אַ . . . . . . . . | האַנט |
| קינדער, . . . , שטילער, די פאַרזאַמלונג הייבט זיך אָן! | שאַ |
| ווער האָט עס דאָ געלייגט אַ . . . האָלץ? | שײַט |
| דער עמער איז פול מיט . . . | וואַסער |
| דער עמער איז אַ . . . | ווײַסער |
| אַ רויטאַרמייער . . . אַפ אַ פערד | ראַט |
| ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן שטאַטישן . . . | רײַט |
| ווינטער איז אַפן טײַך געוועזן . . . | אײַז |
| . . . ס׳איז געוואָרן וואַרעמער, איז עס צעגאַנגען. | אַז |
| אַפ דער פאַרזאַמלונג איז געוועזן הונדערט . . . | מאַנ |
| . . . שוועסטער איז ייִנגער פון מיר מיט דרײַ יאָר | מײַנ |

**אופגאבע** 251. אופשטעלן זאַצן מיט די ווערטער:

געגאַנגען, געפאַנגען, קראַנק, באַנק, דאַנק, געזאַנג.

# 12. איבערבאַזערונג

## אַ פּרילינג־ליד

באַ אונדז אין סאָד, באַ אונדז אין גאָרטן,
צווישן גראָז און קווייטן,
גראָבן מיר און שאַרן מיר
און מאַכן שיינע בייטן.

און מיר גראָבן און מיר זייען
דאָ באַ אונדז אין גאָרטן
מערעלעך און בוריקעס
און גרינסן אַלע סאָרטן.

קלינגט אין גאָרטן אונדזער לידל,
ביז די זון גייט אונטער.
אָט אַזוי, אין שפּיל און אַרבעט,
וואַקסן מיר געזונטע.

**אויפגאַבע** 252. אַרויסשרײַבן פונדאַנען די שווערע ווערטער.

## דאָס שיפעלע

עס האָט געגאָסן אַ רעגן. דאָס ריטשקעלע איז געוואָרן פול מיט וואַסער. דאָס וואַסער איז געלאָפן און מיטגעשלעפּט אַ שפּענדל, אַ העלצל, אַ קלעצל, אַ ברעטל, אַ פּאַפּירל — אַלץ, וואָס עס האָט זיך געמאַכט אַפן וועג. די קינדער איז עס שטאַרק געפעלן געוואָרן. האָבן זיי באַשטימט מאַכן אַ שיפעלע און לאָזן שווימען. געקומען אַהיים, גענומען אַ זעגעלע, אַ העמערל, אַן עקבערל, אַ דלאָטקעלע און אַ ברעטל מיט צוועקעס און גענומען זיך בויען דאָס שיפל. צו פאַרנאַכט איז שוין אַלץ פאַרטיק געווען. געקומען צו דעם ריטשקעלע, געלאָזן שווימען — דאָס שיפעלע שווימט. נעמט בערל און לייגט אַרײַן אַ שטיינדל. איז זײַן שיפל באַלד דערטרונקען געוואָרן.

**אויפגאַבע** 253. איבערשרײַבן און איבערמאַכן די אויסגעטייל־טע ווערטער אַזוי:

די ריטשקעלעך זײַנען געוואָרן פול...

**אופגאבע 254.** דערשרײַבנ:

אונדזער רײַד באשטײט פונ . . .
אינ סאָפ זאַצ שטעלט מענ אָדער א . . . אָדער א . . .
אָדער א . . .
א זאַצ באשטײט פונ . . .
א וואָרט באשטײט פונ . . .
א טראַפ באשטײט פונ . . .
קלאַנגענ רעדט מענ אונ . . . שרײַבט מענ.

| |
|---|
| ניט שטענדיק שרײַבט מענ אזוי, ווי מע רעדט. |

# אינהאלט

זייט

## דאָס ערשטע לערניאָר



## דאָס צווייטע לערניאָר

קאָפּ. 50 коп.

Переплет · אײַנבונד
קאָפּ. 25 коп.

Проф. А. ЗАРЕЦКИЙ

# ЕВРЕЙСКИЙ ЯЗЫК

для начальной школы

## ГРАММАТИКА И ПРАВОПИСАНИЕ

Часть первая

I и II годы обучения

Изд-во «Эмес», Москва, Старопанский пер., 1

